# דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער אָרדן און אידישן לעבן

## באַריכט

פון

חבר ר. זאַלצמאַן

נאַציאָנאַלער סעקרעטאַר פון דער אידישער סעקציע
פון אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטער אָרדן,

צום פערטן נאַציאָנאַלן צוזאַמענפאָר
אין פיטסבורג, אַפּריל, 1938.

# דער אָרדן אין אידישן לעבן

טייערע חברים דעלעגאַטן:

די אידישע סעקציע פונעם אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטער אָרדן פאַרזאַמלט זיך צו איר פערטן צוזאַמענפאָר אין איינעם פון די וויכטיקסטע מאָמענטן אין דער געשיכטע. ווי אַ בייזער, שרעקלעכער געוויטער טראָגט זיך דער פאַשיזם איבער דער וועלט און לאָזט איבער נאָך זיך מיליאָנען קרבנות. מיר שטייען ערב אַ נייער גרויסער מלחמה, וואָס דראָעט צו פאַרניכטן די גאַנצע וועלט אין דעם בלוטיקן צוזאַמענשטויס. מיר שטייען ערב אַ צייט, וועלכע וועט דאַרפן אַנטשיידן די געשיכטע פון דער מענטשהייט פאַר קומענדיקע דורות. די פליכטן און די פאַראַנטוואָרטלעכקייט, וואָס די צייט לייגט אויף אונדז אַרויף, זיינען דעריבער ריזיק-גרויסע.

# I. די לאַגע פון די אידישע מאַסן איבער דער וועלט

אין אונדזער באַריכט ווילן מיר זיך אָבער ניט אָפּשטעלן אויף דער אַלגעמיינער פּאָליטישער לאַגע. דאָס האָט שוין געטאָן חבר בעדאַכט אין זיין באַריכט פאַר דער אַלגעמיינער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיווע. מיר ווילן זיך אויסשליסלעך אָפּשטעלן אויף דער לאַגע פון די אידישע מאַסן אין די פאַרשיידענע לענדער. אַ לאַגע, וועלכע איז מיט דער וואַקסנדיקער רעאַקציע געוואָרן שטאַרק פאַרערגערט.ביידע שאַרפן פון דער בלוטיקער שווערד פון מיטלאַלטער דראָען אונדזערע פאָלק-מאַסן — פון איין זייט דער פאַשיזם, פון דער צווייטער — דער מיט אים וואַקסנדיקער חיהשער אַנטיסעמיטיזם. אַ דראָענדיק בילד שטעלט מיט זיך פאָר דאָס לעבן פון די אידישע מאַסן היינט צו טאָג.

### דייטשלאַנד

שוין איבער 5 יאָר, אַז היטלער פאַרפאָלגט אויפן ברוטאַלסטן אופן די אידן פון דייטשלאַנד. זיין ציל איז פולשטענדיק אויסצוראָטן די אידישע מאַסן. פון די 600,000 אידן, וואָס דייטשלאַנד האָט פאַרמאָגט איידער היטלער איז געקומען צו דער מאַכט, זיינען איצט געבליבן אַרום אַ העלפט, און באַריכטן פון דאָרטן דערציילן, אַז אין 5 יאָר אַרום וועט דייטשלאַנד פאַרמאָגן בלויז אידן זקנים.

די אידן אין דייטשלאַנד שטייען אויס די נידעריקסטע באַליידיקונגען. עס איז געוואָרן אַ קוק צו טאָן אַף איינעם פון די איצטיקע דייטשע לערן־ביכער, כדי צו באַגריפן די שרעקלעכע גייסטיקע ליידן פון די אידישע מאַסן אין דייטשלאַנד, די גרויזאַמע פאַרפאָלגונגען וואָס זיי דאַרפן טאָג־טעגלעך אויס־שטיין. וואָס פאַר אַ מין העסלעכע בילדער עס ווערן דאָרט געגעבן פון די אידן, וואָס פאַר אַ נידערטרעכטיקע אויסטייטשונגען און וואָס פאַר אַ שווידער־לעכע בילבולים דאָרט ווערן געמאַכט אַפן אידישן פאָלק!

דער נאַציזם באַנוגנט זיך ניט מיט זיינע מערדערישע פאַרברעכנס קעגן די אידן אין דייטשלאַנד אַליין. ער האָט זיך געשטעלט פאַר אַן אויפגאַבע צו אָרגאַניזירן אַן אַנטיסעמיטישן אינטערנאַציאָנאַל אין אַלע לענדער. היטלער גיט אויס מיליאָנען דאָלאַר אַריינצוברענגען זיין גיפטיקע פּראָפּאַגאַנדע אין יעדן איינציקן לאַנד אין דער וועלט. ניט קענענדיק לייזן די שווערע פּראָב־לעמען פון די מאַסן אין דייטשלאַנד, ניט קענענדיק זיי געבן גענוג עסן צו דער זאַט, אַרונטערדריקנדיק זייער לעבנס־סטאַנדאַרד נידעריקער און נידע־ריקער, זוכט היטלער אויפצורייצן די פּאַטריאָטיש־שאָוויניסטישע געפילן, גרייטנדיק די מאַסן אין דייטשלאַנד צו אַ נייער שווידערלעכער וועלט־מלחמה, און גלייכצייטיק דערמיט זוכט ער אויפצורייצן די נידעריקסטע אינסטינקטן פון די דייטשע מאַסן קעגן די אידן, נוצנדיק די אַלטע אַנטיסעמיטישע תורה, אַז אין אַלע צרות און אין אַלע ליידן פון די מאַסן זיינען שולדיק די אידן.

## עסטרייך

עס איז בלויז געציילטע וואָכן זינט היטלער האָט איינגעשלונגען עסטרייך און די קרבנות פון די אידישע מאַסן דערגרייכן שוין אין די טויזנטער. די נייעס וואָס קומט אָן יעדן טאָג פון עסטרייך דערציילט וועגן הונדערטער „זעלבסטמאָרדן". נאָך צען מאָל מער ווערן באַגאַנגען קאַלבלוטיקע מערדערייען פון די פאַשיסטישע הינט. טויזנטער אידן קלאַפּן אָפּ די טירן פון דעם פּוילישן, אַמעריקאַנעם און אַנדערע קאָנסולאַטן, זוכנדיק זיך אַרויסצורייסן פון דעם שרעקלעכן גיהנום. צענדליקער אידישע געלערנטע—צווישן זיי טייל פירנדיקע וועלט־געלערנטע — זיינען אַרעסטירט אָדער דערמאָרדעט געוואָרן. אויסראָטונג, דערנידעריקונג, פיזישער און גייסטיקער מאָרד, ברוטאַלער חורבן — אָט דאָס איז דער גורל פון די אידישע מאַסן אונטערן מערדערלעכן היטלער־קנאַפּל.

## רומעניע

שווער איז געווען די לאַגע פון די רומענישע אידן אויך פאַר די געשעענישן אין די לעצטע עטלעכע חדשים. אָבער נאָך שווערער און ביטערער איז דאָס לעבן פון די אידן אין רומעניע איצט, שוין אַפילו נאָכדעם ווי די טרויעריק־באַרימטע גאָגאַ־רעגירונג, וועלכע האָט בנוגע די אידן איבערגענומען די אַנטיסעמיטישע היטלער־פּראָגראַם, איז געפאַלן. די קעניגלעכע דיקטאַטור, וואָס איז איינגעפירט געוואָרן נאָך דעם ווי די גאָגאַ־רעגירונג איז אַרונטער־

געזעצט געוואָרן, איז געווען אַ מאָמענט פון פרייד פאַר די אידן. ווי צו אַזאַ פרייד! דער אונטערשייד ליגט אפשר אין דעם, וואָס באַ דער גאָגאַ־רעגירונג איז די אויסראָטונג פון די אידן געווען עפנטלעך און דירעקט און באַ דער איצטיקער רעגירונג איז די אויסראָטונג אַ מער באַהאַלטענע און ניט אַזוי אָפן ברוטאַל. אָבער ווערזנטלעך האָט זיך זייער ווינציק געביטן די לאַגע פון די אידן.

## פוילן

ערשט אינגאַנצן מיט 6 חדשים צוריק איז אונדז אויסגעקומען צו באַזוכן אייניקע צענטערן פון פוילן: וואַרשע, ווילנע און בריסק. און מיר קענען זיך נאָך ניט באַפרייען פון דעם שרעקלעכן איינדרוק, וואָס עס האָט אַף אונדז געמאַכט דאָס טרויעריקע לעבן פון די אידישע מאַסן אין פוילן. הונגער, דחקות, נויט פילן אָן די אידישע קוואַרטאַלן אין אַלע שטעט, וואָס מיר האָבן באַזוכט. באַ דעם עלטערן דור נעמט מען סיסטעמאַטיש אָפּ זייער קלענגלעכע חיונה, וואָס זיי האָבן געהאַט ביז איצט. דער אינגערער דור האָט כמעט קיין אויסזיכטן ניט. די שענסטע אינסטיטוציע וואָס די פוילישע אידן פאַרמאָגן, די וועלטלעכע קינדער־שולן, ווערן איינציקווייז אומגעבראַכט פון דער מאַכט. פון 140 שולן זיינען געבליבן בלויז 80, און אַ גרויסער טייל פון זיי לעבט אונטער דער שטענדיקער מורא, אַז היינט־מאָרגן וועט מען זיי צומאַכן. דער אַנטיסעמיטישער געשריי אין פוילן, אַז די דריי מיליאָן אידן וואָס וואוינען דאָרט זיינען איבעריקע און אַז זיי זיינען די סיבה פון דער שלעכטער לאַגע אין לאַנד, איז בלויז אַ דעמאַגאָגישער אויסרייד פאַר דער שווערער עקאָנאָמישער לאַגע פון די פוילישע מאַסן בכלל. דאָס נוצן די פוילישע פאַשיסטן די באַרימטע אַנטיסעמיטישע „טעאָריע", אַז די אידן זיינען שולדיק אין דעם וואָס די פויערים האָבן קיין ערד ניט, די אידן זיינען שולדיק אין דעם, וואָס עס הערשט אָרעמקייט און דחקות אין פוילן. עס איז ניט גרינג דאָס לעבן פון די מאַסן אין פוילן. אָבער נאָך שווערער און נאָך ערגער איז דאָס לעבן פון די אידישע מאַסן. די טאָג־טעגלעכע אָנפאַלן אַף אידן אין די גאַסן, די מורא אַרויסצוגיין נאָך 9 אַזייגער באַנאַכט אויסער די אידישע געגנטן, דאָס צומאַכן ביבליאָטעקן, שולן און אַנדערע קולטור־אינסטיטוציעס, די טיילווייזע דורכפירונג פון די באַרימטע געטאָ־בענק — ווען מען גיט־צו דאָס אַלץ צו דער שרעקלעכער עקאָנאָמישער לאַגע פון די אידן אין פוילן, איז דאָס בילד פאַרפילט.

ניט קוקנדיק אַף זייער שווערער לאַגע פירן אָבער די אידישע מאַסן אין פוילן אַן עקשנותדיקן קאַמף איינצוהאַלטן זייערע קולטור־אינסטיטוציעס. נאָך דער שווערער לאַגע, וואָס מיר האָבן דאָרטן געזען, האָבן אונדז געפרייט די דערמוטיקנדיקע ווערטער, וואָס מיר האָבן געהערט פון אַ גרויסן טייל אידישע קולטור־טוער און פירער אין דער אַרבעטער־באַוועגונג. דאָס זיינען ניט געווען קיין ווערטער פון פאַרצווייפלונג, נאָר האָפענונגפולע ווערטער, וואָס האָבן אויסגעדריקט די גרייטקייט צום קאַמף צו פאַרטיידיקן די אידישע

קולטור, דאָס אידישע לעבן, דעם פאַרלאַנג פאַרצוזעצן דעם בויאונג־פּראָצעס אף אַלע געביטן אינעם אידישן לעבן. אין פאָדערגרונט פון דעם קאַמף שטייט דער אידישער אַרבעטער. פאַראייניקט און פאַרבונדן מיטן פּוילישן אַרבעטער, מיט די פּוילישע מאַסן, זוכט ער ניט נאָר צו פאַרטיידיקן זיין היינט, נאָר אויך אויסצוקעמפן און צו בויען פאַר זיך אַ פרייען מאָרגן.

די לאַגע פון די אידן אין אַ גאַנצער ריי האַלב־פאַשיסטישע לענדער איז ניט בעסער ווי די לאַגע פון די אידן אין פּוילן און אין רומעניע. דאָס וואָס מיר האָבן געזאָגט וועגן פּוילן און רומעניע קען אָנגעווענדט ווערן אויך אף לאַטוויע און ליטע.

## פּאַלעסטינע

ווי לעבט זיך די אידן אין פּאַלעסטינע? וואָס איז זייער עקאָנאָמישע לאַגע? וואָס זיינען די רעזולטאַטן פון דער ציוניסטישער פּאָליטיק? אַז די לאַגע פון די אידן אין פּאַלעסטינע איז אַ טרויעריקע, דאָס איז אונדז אַלעמען לאַנג באַקאַנט. מיר ווילן אָבער דאָ איבערגעבן אַן אויסצוג פון אַן אַרטיקל אין „טאָג פון 1טן אַפּריל, 1938. דער אַרטיקל איז געשריבן פון אַ הייסן איבערגעגעבענעם פריינט פון ציוניזם, אַ פּועלי־ציוניסט, ב. אָסטראָווסקי, וועלכער געפינט זיך אין פּאַלעסטינע:

„ווי לעבט זיך איצט אין ארץ ישראל?

„שלעכט, קריזיס.

„די אימיגראַציע, באַזונדערס די אַזוי־צו־זאָגן קאַפּיטאַליסטישע אימיגראַציע, וואָס האָט געהאַלטן אין איין פליסן פאַר די לעצטע עטלעכע יאָר, ביז אַפּריל, 1936, אָט־די אימיגראַציע, וואָס איז פאַר די לעצטע עטלעכע יאָרן געווען אַזוי רירעווודיק און שעפעריש, איז צוליב דער אומזיכערער פּאָליטישער לאַגע, אין איר גרעסטן טייל, אָפּגעשטעלט געוואָרן.

„עס קומען אויך ניט, צוליב די זעלביקע סיבות, קיין טוריסטן, הייזער ווערן ניט געבויט מיטן זעלביקן אימפּעט ווי פריער, די אינ־דוסטריע איז כמעט ווי פּאַראַליזירט, דאָס דאַרף האָט ניט וואו צו פאַר־קויפן דעם צוואוקס פון די פּראָדוקטן.

„אויסער די יעניקע, וואָס האָבן זייערע שטענדיקע אַרבעט־פּלעצער, ווערט די צוגעקומענע און סעזאָנע אַרבעט פאַרטיילט אומעטום, סיי אין דאָרף און סיי אין שטאָט, צווישן אַלע אַרבעטלאָזע. עס איז דעריבער אין ארץ ישראל ניט מעגלעך, אַז ווער עס איז זאָל זיין אינגאַנצן אַרבעט־לאָז. אָבער נאָך דער פאַרטיילונג קומט אויס, אַז מען אַרבעט 2 אָדער 3 טעג אַ וואָך און די וועכנטלעכע פאַרדינסטן גרייכן קוים די סומע פון 3 דאָלאַר בערך — דערפון דירה־געלט, אַ שוך און אַ קלייד, אויב ניט פאַר זיך, איז לפּחות פאַרן קינד.

„דערעסט מען ניט, אָדער מען עסט ברויט בצמצום; עסט מען

א שטיקל פלייש משבת לשבת, און זעלטן ווען מען קען נאָך דערצו אָפּשפּאָרן פאַר א גלאָז מילך און אַן איי פאַרן קינד.

„דער סך־הכל איז זייער א קורצער — די לאַגע איז א שווערע. דעם קריזיס פילט יעדער איינער און אומעטום, סיי אין דאָרף און סיי אין שטאָט, סיי אין צפון און סיי אין דרום...״

מיר האָבן געבראַכט אַט־דעם לענגערן אויסצוג פון ב. אָסטראָווסקין, כדי מיר זאָלן קענען זען וואָס א פריינט פון ציוניזם זאָגט. וואָלטן מיר גע־זאָגט די זעלבע ווערטער, וואָלטן אונדז די ציוניסטן פאַרשריגן אַלס שונאי־ישראל, אַלס די וואָס טראַכטן אויס בלבולים אָף די אידן אין פּאַלעסטינע. אויסער דער שלעכטער עקאָנאָמישער לאַגע אין פּאַלעסטינע טאָר מען אויך ניט פאַרגעסן די אומזיכערע פּאָליטישע לאַגע, א לאַגע וואָס שמעקט מיט פּולווער. מען טאָר ניט פאַרגעסן דעם אומאויפהערלעכן קאַמף, וואָס גייט אָן טאָג־טעגלעך און וואָס האָט שוין געקאָסט טויזנטער קרבנות.

ווער איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר אַט־דער לאַגע אין פּאַלעסטינע? אָף דעם קענען ניט זיין קיין צוויי ענטפערס: שולדיק איז די שעדלעכע פּאָליטיק פונעם בריטישן אימפּעריאַליזם, וואָס ווערט אונטערשטיצט פון דער ציוניסטי־שער אָרגאַניזאַציע. די פּאָליטיק פונעם ענגלישן אימפּעריאַליזם איז אונדז שוין לאַנג באַקאַנט: דאָס איז די פּאָליטיק פון צעטייל און הערש. און ווייל דער ציוניזם איז געוואָרן דער עק פונעם ענגלישן אימפּעריאַליזם, האָט ער אַזוי־אַרום געבראַכט צו דעם, אַז די אַראַבישע מאַסן זאָלן אָפּטמאָל זען זייער שונא אין די אידישע מאַסן אין פּאַלעסטינע, אָנשטאָט אין דער בריטישער אימ־פּעריאַליסטישער פּאָליטיק מיט אירע אַראַבישע און ציוניסטישע אונטער־שטופּער, און אויסלאָזן זייערע ביטערע געפילן צו זייערע קעפּ. אָנשטאָט צו דערגרייכן אייניקייט מיט די אַראַבישע מאַסן, אָנשטאָט צו טאָן וואָס איז נאָר מעגלעך צו ברענגען צו א פאַרשטענדיקונג צווישן די אידן און אַראַבער, צו ברענגען האַרמאָניע און שלום, האָט די ציוניסטישע פּאָליטיק אַנטאַגאָני־זירט די אַראַבישע מאַסן און זיי אָוועקגעשטעלט קעגן די אידישע מאַסן. עס פאַרשטייט זיך, אַז צו דעם האָבן צוגעהאָלפן די אַראַבישע בורזשואַזע נאַציאָנאַליסטן, וואָס האָבן אויסגענוצט דעם געזונטן אַנטי־אימפּעריאַליס־טישן, אַנטי־בריטישן סענטימענט בא די אַראַבישע מאַסן, זייער פאַרלאַנג זיך צו באַפרייען פון ענגלישן יאָך, און אָט דעם סענטימענט געקערעוועט אין א שעדלעכער ריכטונג — קעגן די אידישע מאַסן. וואָס דאָס מיינט, אַז די ציוניסטישע פּאָליטיק האָט אריינגעשפּילט אין די הענט פון די אַראַבישע שאָוויניסטישע עלעמענטן. דער רעזולטאַט פון דער אָקופּאַנטישער אימי־גראַציע האָט געמוזט ברענגען צו א ביטערן קאַמף צווישן די אידן און אַראַבער אין פּאַלעסטינע, א קאַמף וואָס האָט שוין געקאָסט א ריזיקע צאָל קרבנות פון ביידע זייטן, א קאַמף וואָס האָט פאַראורזאַכט אָט די אומזיכערע לאַגע סיי פאַר די אידן און סיי פאַר די אַראַבער און וואָס האָט אָן ספק אויך געהאָלפן פאַרערגערן די עקאָנאָמישע לאַגע אין לאַנד. פּאַלעסטינע

וועט ניט געבויט ווערן מיט דער הילף פון באיאָנעט. צו טייער באַצאָלן די אידישע און אַראַבישע מאַסן פאַר אָט דער שעדלעכער פּאָליטיק.

און צוליב דעם, וואָס מיר זיינען ניט געווען איינשטימיק מיט דער פּאָליטיק פון דער ציוניסטישער באַוועגונג, האָבן די ציוניסטן אונדז דער־קלערט אַ מלחמה אויף לעבן און טויט. זיי האָבן מיט אונדז ניט געפירט קיין אידעאָלאָגישן קאַמף. אַזאַ קאַמף האָבן זיי ניט געוואָלט פירן. זיי האָבן אויף אונדז אָנגעוואָרפן שרעקלעך־שעדלעכע בלבולים, אַז מיר האָבן אונטערשטיצט די אָנפאַלן אויף אידן. זיי האָבן געדענקט, אַז זיי וועלן אונדז דורך דעם איזאָלירן פונעם אידישן לעבן. עס איז זיי אָבער ניט געלונגען. פון דער טריבונע פון אונדזער פּערטן צוזאַמענפאָר ווייזן מיר מיט פאַראַכטונג צוריק אָט־דעם שעדלעכן בלבול. מיר דערקלערן, אַז די אינטערעסן פון די אידישע מאַסן אין פּאַלעסטינע זיינען אונדז פּונקט אַזוי טייער ווי די אינטערעסן פון די אידן אין פּוילן, אין רומעניע און אין אַנדערע לענדער. און טאַקע דערפאַר, ווייל די אינטערעסן פון די אידישע מאַסן אין פּאַלעסטינע זיינען אונדז טייער, קענען מיר ניט צושטימען צו דער שעדלעכער פּאָליטיק פון דער אַלוועלטלעכער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, אַ פּאָליטיק, וואָס איז ניט נאָר קעגן די אינטערעסן פון די אידן אין פּאַלעסטינע, נאָר קעגן די אינ־טערעסן פון די אידן אין אַלע לענדער.

אַ צאָל פון די בעסטע זין פון אָרדן פאַרגיסן איצט זייער בלוט אויף די שלאַכטפעלדער פון שפּאַניע, אין קאַמף קעגן פאַשיזם, וועלכער איז דער ביטערסטער שונא פון די אידישע מאַסן. זיי קעמפן ניט בלויז פאַר די שפּאַנישע מאַסן, נאָר פאַר די אידישע מאַסן איבער גאָר דער וועלט. אַ גרויסער טייל פון די מיטגלידער פון אונדזער אָרדן האָבן פאַרטיידיקט די לעבנס, דאָס האָב און גוטס פון די אידן אין דער צייט פון די צאַרישע פּאָגראָמען. זיי זיינען געווען גרייט אַוועקצוגעבן זייער לעבן צו פאַרטיידיקן די אידישע מאַסן קעגן די בלוטיקע אָנפאַלן, און וועלן איצט אויך זיין גרייט זיך צו שטעלן קעגן דעם אַנטיסעמיטיזם און פאַשיזם, קעגן יעדן אָנפאַל אויפן לעבן, אויף דער זיכערקייט פון אונדזער פאָלק. כאָטש מיר גלויבן ניט אין די ציוניסטישע אידעאַלן און אין דער ציוניסטישער פּאָליטיק, האַלטן מיר זיך אָבער פאַר איבערגעגעבענע און געטרייע זין פון די אידישע פאָלק־מאַסן. ווער האָט געשאַפן און אָנגעהאַלטן די אידישע פאָלקס־קולטור? ווער שאַפט די אידישע ליטעראַטור? ווער היט אָפּ און פלעגט אונדזער פאָלקס־שפּראַך אידיש? מיר, די אידישע אַרבעטער און פאָלק־מאַסן, פאַרקניפּט און פאַר־בונדן מיט דעם אידישן לעבן, פון היינט און פון נעכטן, האַלטן אָן די העראָאישע טראַדיציעס פון דער אידישער געשיכטע און גייען — אָ ניין, ניט צוריק, צום עבר! — נאָר פאָראויס, צו אַ בעסערער, מער ליכטיקער וועלט.

דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער אָרדן דערקלערט נאָכאַמאָל, אַז בלויז אַ געענדערטע פּאָליטיק, בלויז אַ שלום צווישן די אידישע און אַראַבישע מאַסן, וועט פאַרזיכערן און העלפן דעם אידישן ישוב אין לאַנד, דאָס אידישע לעבן, וואָס די ערלעכע האָרעפּאַשנע אידישע מאַסן אין פּאַלעסטינע האָבן פאַר זיך געבויט.

## סאָוועטן־פאַרבאַנד

ווי אַ ליכטיקער זייל אין דעם חושך שיינט אַרויס דאָס לעבן פון די אידישע מאַסן אין סאָוועטן־פאַרבאַנד. בלויז מיט עטלעכע און צוואַנציק יאָר צוריק האָט אין דעם לאַנד געהערשט דער צאַריזם. דער פּאָגראָם איז דאָרט געווען אַ טאָג־טעגלעכער טרויעריקער שאָטן פון אידישן לעבן. געדענקען מיר דען ניט ווי דאָס אידישע לעבן איז געווען הפקר? קענען מיר דען פאַרגעסן דעם אייזערנעם רינג אַרום דער באַרימטער טשערטאַ, וואו די ברייטע אידישע מאַסן זיינען געשטיקט געוואָרן? קענען מיר דען פאַרגעסן זייער ביטערע עקאָנאָמישע לאַגע, זייער רעכטלאָזיקייט?

און היינט, מיט קאַרגע 21 יאָר שפּעטער, האָט די סאָוועטן־רעגירונג, די רעגירונג פון די אַרבעטער און פּויערים ניט נאָר אָפּגעשאַפט אַלע גזירות קעגן אידן, נאָר זי האָט זיי געמאַכט גלייכבאַרעכטיקט מיט אַלע פעלקער, האָט דערקלערט אַנטיסעמיטיזם און כוליגאַנסטווע אויסערן געזעץ, האָט געעפנט די טויערן פון אַלע בילדונג־אַנשטאַלטן, פון אַלע זאַוואָדן און פאַבריקן, האָט אויסגעגעבן און גיט אויס מיליאָנען דאָלאַר אויף העלפן אויפבויען דאָס אידישע קולטור־לעבן. טויזנטער קינדער־שולן עקזיסטירן אין דער אידישער שפּראַך, אין זיי לערנען צענדליקער טויזנטער קינדער. הונדערטער טויזנטער דאָלאַר גיט אויס די רעגירונג פון לאַנד, כדי אַרויסצוגעבן לערן־ביכער און לייען־ביכער, סיי פאַר קינדער און סיי פאַר דערוואַקסענע.

מיט צען יאָר צוריק האָט די סאָוועטן־רעגירונג אָפּגעטיילט אַ שטיק לאַנד, ביראָ־בידזשאַן, מיטן צוועק צו באַזעצן דאָרטן אַ גרויסע צאָל אידן. און מיט דריי יאָר צוריק איז ביראָ־בידזשאַן דערקלערט געוואָרן פאַר אַ אידישער אויטאָנאָמער געגנט. און ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס אַ צאָל שונאים האָבן געשטערט די אַנטוויקלונג פון ביראָ־בידזשאַן, פּונקט ווי אַ צאָל ביטערע שונאים האָבן געשטערט די אַנטוויקלונג פון סאָוועטן־פאַרבאַנד בכלל, בויט זיך דאָך דאָס לאַנד.

אין פאַרלויף פון 10 יאָר צייט האָבן 30,000 אידן זיך באַזעצט אין ביראָ־בידזשאַן. ניט קוקנדיק אויף דעם וואָס די ערשטע 10 יאָר זיינען געווען די שווערסטע פּיאָנערן־יאָרן, ווען מען האָט געדאַרפט אויפבויען דאָס לאַנד, איז דאָך אויסגעוואַקסן אַ פאַרצווייגטע אינדוסטריע. אין די 5 ראַיאָנען פון ביראָ־בידזשאַן געפינען זיך אַרום 4 צענדליק אינדוסטריעלע קאָאָפּעראַטיוון, וואָס שפּילן זייער אַ וויכטיקע ראָל אין דעם ווירטשאַפטלעכן לעבן פון געגנט.

די אַלגעמיינע פּראָדוקציע פון די קאָאָפּעראַטיווע אַרטעלן אין 1937 האָט דערגרייכט 15 מיליאָן רובל. דאָס איז אַ פאַרגרעסערונג פון 150 פּראָצענט אין פאַרגלייך מיטן פריערדיקן יאָר. ביראָ־בידזשאַן קען זיך באַרימען מיט פיל שלאָגלער, סטאַכאַנאָווצעס, סיי אַפן אינדוסטריעלן, סיי אַפן אַגריקולטורעלן געביט.

אויך אַפן קולטורעלן געביט האָט זיך ביראָ־בידזשאַן פיל אַנטוויקלט. אין יאָר 1927 זיינען דאָרט געווען 57 שולן מיט 4,794 שילער. אין 1937 זיינען שוין געווען 113 שולן מיט 15,914 שילער, מיט אַ לערער־קאָלעקטיוו

פון איבער 700. בירא־בידזשאַן פאַרמאָגט צוויי טעגלעכע ציימונגען און 5 געגנט־אויסגאַבן. עס דערשיינט אַ דריי־חדשימדיקער זשורנאַל „פאָרפּאָסט". בירא־בידזשאַן פאַרמאָגט אויך אַ אידיש מלוכה־טעאַטער, אַ צאָל מוזייס, א. אַז. וו.

רעדנדיק וועגן די דערגרייכונגען פון בירא־בידזשאַן דאַרפן מיר נעמען אין אַכט די רויקייט פון דעם לאַנד און די שווערע באַדינגונגען אונטער וועלכע עס איז אויסגעקומען די ערשטע אימיגראַנטן דאָרט צו אַרבעטן. מיר דאַרפן אויך געדענקען, אַז אַ טייל זיינען ניט געווען צוגעפּאַסט פאַר פּיאָנערן־אַרבעט; און ווען מען געדענקט נאָך די שעדיקעריי פון די סאַבאָטאַזשניקעס, די פאַררעטער — די טראָצקיסטן און בוכאַריניסטן, סיי אין דער בויאונג פון דעם לאַנד, סיי אין דעם אויסוואַל און אין דער אויפנאַמע פון די אימיגראַנטן, קען מען ערשט פאַרשטיין, אַז די אויפטואונגען אין בירא־בידזשאַן זיינען באמת גלענצנדע, וואָס דאַרפן באַגריסט ווערן. איך באַנוץ זיך מאַקע מיט דער טריבונע פון אונדזער צוזאַמענפאָר, אין דעם נאָמען פון אונדזער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיווע, פון אונדזער גאַנצער אידישער סעקציע איבער־צושיקן אַ הייסן חברשן גרוס צו די טוער און בויער פון בירא־בידזשאַן, צו דער סאָוועטן־רעגירונג, וועלכע האָט מעגלעך געמאַכט די ביז־איצטיקע דערגרייכונגען.

בירא־בידזשאַן, און די לאַגע פון די אידן אין אַנדערע טיילן פון סאָוועטן־פאַרבאַנד, זיינען אַ גלענצנדער ביישפּיל ווי אַזוי עס קען געלייזט ווערן די נאַציאָנאַלע פראַגע, ווי אַזוי צענדליקער פעלקער קענען לעבן ברידערלעך אונטער איין דאַך, בויען זייערע אייגענע קולטורן און זייער אייגן לעבן.

## פאַראייניקטע שטאַטן

אין די פאַראייניקטע שטאַטן געניסן די אידן פולשטענדיקע גלייכ־באַרעכטיקונג מיט אַלע אַנדערע פעלקער. די אידישע מאַסן פאַרנעמען אַ וויכטיקע פּאָזיציע אינעם עקאָנאָמשן, פּאָליטישן און קולטורעלן לעבן דאָ אין לאַנד. די אידן ליידן פון דעם קריזיס, פון דער שווערער עקאָנאָמישער לאַגע, ניט דווקא אַלס אידן, נאָר צוגלייך מיט אַלע איינוואוינער פון לאַנד. אידן האָבן געגאָסן פון דעם העכערן לעבנס־סטאַנדאַרד, פּונקט ווי עס האָבן געגאָסן אַלע אַנדערע פעלקער אין די פאַראייניקטע שטאַטן.

פונדעסטוועגן דאַרפן מיר ניט פאַרמאַכן די אויגן אויף די וואַקסנדיקע כחות פון אַנטיסעמיטיזם, וואָס אַרבעטן האַנט אין האַנט מיט די פאַשיסטישע כחות דאָ אין לאַנד. מען טאָר אויך ניט פאַרזען די דיסקרימינאַציעס, וואָס האַלטן זיך אין איין פאַרמערן סיי אין פאַבריקן, סיי אין אָפיסעס, סיי אין די פּראָפעסיעס קעגן אידן. אין די לעצטע 5 יאָר, זינט היטלער איז געקומען צו דער מאַכט אין דייטשלאַנד, האָט ער אַריינגעוואָרפן מיליאָנען דאָלאַר פאַר זיין פאַשיסטישער און אַנטיסעמיטישער פּראָפּאַגאַנדע דאָ אין לאַנד און עס האָבן זיך מיט דער הילף פון די נאַצים פאַרמערט די צאָל אַנטיסעמיטישע אָרגאַניזאַציעס אין די פאַראייניקטע שטאַטן. עס זיינען איצט דאָ, ניט קיין

צענדליקער — נאָר הונדערטער — ציטונגען, וועלכע פאַרשפּרייטן דעם גיפטיקן סם פון פאַשיזם און אַנטיסעמיטיזם. די נאַצי־אָרגאַניזאַציעס אין די פאַראייניקטע שטאַטן זיינען די דירעקטע טרעגער און פאַרשפּרייטער פונעם אַנטיסעמיטיזם. און ווייל די אידן שפּילן זייער אַ וויכטיקע ראָל אין דעם עקאָנאָמישן, פּאָליטישן און קולטורעלן לעבן אין לאַנד, ווילן די אַנטיסעמיטן אויסנוצן אָט די דערשיינונג און אַף איר באַזירן זייער אַנטיסעמיטישע און פאַשיסטישע פּראָפּאַגאַנדע. די אידישע מאַסן דאַרפן דאָס זייער שטאַרק אינזינען האָבן. דאָס אידישע געזעלשאַפטלעכע לעבן, די אידישע אָרגאַני־זאַציעס דאַרפן זיך באַצייטנס צוגרייטן צו באַקעמפן די פאַשיסטישע און אַנטיסעמיטישע כחות דאָ אין לאַנד.

דער לעצטער אַקט פון דער רוזוועלט־רעגירונג, דאָס וואָס זי איז געווען דער איניציאַטאָר, שיקנדיק אַ רוף צו 29 לענדער כדי צו העלפן די פאַרפאָלגטע אידן פון דייטשלאַנד און עסטרייך, איז אַן אַקט, וואָס דאַרף באַגריסט ווערן פון די אידישע מאַסן אין אַמעריקע. דאָס איז אַן אַקט, וואָס וועט ניט נאָר ברענגען די זייער נויטיקע הילף פאַר די ליידנדיקע אידן, נאָר דאָס איז אויך אַ קלאַפּ פאַר דעם פאַשיזם אין דייטשלאַנד, און די פאַשיסטישע כחות אין אַמעריקע.

קיין ספק ניט, אַז אָט־דער וויכטיקער אַקט פון דער אַמעריקאַנער רעגירונג איז געקומען טיילווייז אַ דאַנק דער אַרבעט פון דעם אַמעריקאַנעם אידישן קאָנגרעס, דעם אידישן אַרבעטער־קאָמיטעט און דעם אידישן פאָלקס־קאָמיטעט, וואָס האָבן דורכגעפירט אייניקע וויכטיקע אַקציעס אין די פאַר־אייניקטע שטאַטן, מאָביליזירנדיק די אידישע מאַסן און די פּראָגרעסיווע כחות דאָ אין לאַנד פאַר דער פאַרטיידיקונג פון די אידן אין די פאַשיסטישע לענדער. איז דען ניטאָ, אויב אַזוי, קיין גענוגנדיקער גרונט צו גלויבן, אַז ווען אָט־די דריי אָרגאַניזאַציעס וואָלטן געווען פאַראייניקט, וואָלטן פאַרגעשטעלט מיט זיך איין מעכטיקן כח, פאַרטרעטנדיק אַלע שיכטן פון די אידן אין אַמעריקע, וואָלט אָט־דער אַקט געקומען אַ סך פריער? אָט־דער איצטיקער אַקט פון דער רוזוועלט־רעגירונג ווייזט בלויז נאָכאַמאָל ווי דרינגענדיק עס איז אייניקייט צווישן די אידישע מאַסן.

## II. די בויאונג פונעם פאָלקס־פראָנט צווישן די אידישע מאַסן

וואָס האָבן מיר דערגרייכט אַפן געביט פון פאַראייניקן די אידישע פאָלק־מאַסן אין אַמעריקע קעגן אַנטיסעמיטיזם און פאַשיזם זינט אונדזער לעצטער קאָנווענשאָן? וואָס פאַר אַ ראָל האָט דער אָרדן געשפּילט אין דעם קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם און פאַר דער פאַרטיידיקונג פון אידישע רעכט איבער גאָר דער וועלט? ווי ווירקזאַם איז געווען אונדזער באַוועגונג קעגן פאַשיזם און אַנטיסעמיטיזם? לאָמיר זיך אָפּגעבן אַ גענויעם חשבון וועגן דעם.

# די פּענסילווייניע קאָנפערענץ

גלייך נאָך אונדזער דריטן צוזאַמענפאָר, אין יוני 1935, האָבן זיך דער־טראָגן צו אונדז אין די פאַראייניקטע שטאַטן די שרעקלעכע ווײ־געשרייען פון די אידן אין דייטשלאַנד, וואָס האָבן זיך געצאַפּלט אונטער דער היטלער־פויסט. אין דעם אידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן אין אַמעריקע האָבן זיך אָנגעהויבן הערן שטימען, אַז מען דאַרף עפּעס טאָן, אַז דער פאַראייניקטער פּראָטעסט פון די 4 מיליאָן אידן אין די פאַראייניקטע שטאַטן זאָל דערהערט ווערן אין דייטשלאַנד. די אַנטי־נאַצי פעדעראַציע האָט דעריבער אָנפאַנג יולי גערופן אַ קאָנפערענץ, צו וועלכער עס זיינען איינגעלאַדן געוואָרן אַ גרויסע צאָל נאַציאָנאַלע קערפּערשאַפטן, מיט דעם צוועק צו באַטראַכטן, וואָס עס קען געטאָן ווערן אין איצטיקן מאָמענט פאַר דער פאַרטיידיקונג פון די אידן אין דייטשלאַנד. דער אַמעריקאַנער אידישער קאָנגרעס האָט געשיקט אַ באַ־אָבאַכטער צו דער קאָנפערענץ און האָט אויך דורך אַ צושריפט דערקלערט, אַז ער פאַררופט דעם 22טן יולי אַ קאָנפערענץ פון אַלע אידישע אָרגאַני־זאַציעס פאַר דעם זעלבן צוועק אין פּענסילווייניע האָטעל און וועט דעריבע־זיך ניט באַטייליקן אין דער אַנטי־נאַצי קאָנפערענץ.

אונדזערע אָרדן־פאָרטרעטער האָבן דאַן פאָרגעשלאָגן, אַז די אַנטי־נאַצי קאָנפערענץ זאָל ענטפערן דעם אַמעריקאַנעם אידישן קאָנגרעס, אַז מיר זיינען וויליק צו באַטייליקן זיך אין דער קאָנפערענץ וואָס ער רופט, ווייל מיר האַלטן, אַז אין איצטיקן מאָמענט טאָרן די כחות ניט צעטיילט ווערן און מיר שלאָגן פאָר, אַז דער אַמעריקאַנער קאָנגרעס זאָל איינלאַדן אַלע אידישע אָרגאַני־זאַציעס, אַריינגערעכנט דעם אידישן אַרבעטער־קאָמיטעט, כדי עס זאָל קענען דורכגעפירט ווערן אַן אַקציע, וואָס זאָל אָפּקלינגען אין אַמעריקע און איבער דער גאַנצער וועלט.

דער אַמעריקאַנער קאָנגרעס האָט אָנגענומען דעם פאָרשלאָג פון דער אַנטי־נאַצי קאָנפערענץ. די קאָנפערענץ אין פּענסילווייניע האָטעל איז געווען איינע פון די גרעסטע אין דער געשיכטע. איבער 2,000 דעלעגאַטן פון אַלע ריכטונגען און שיכטן פון אידישן פאָלק זיינען דאָרט געווען פאַרטראָטן. ליידער איז בא דער קאָנפערענץ פאָרגעקומען אַן אומאַנגענעמער אינצידענט, וואָס האָט געדראָעט אָפּצוברעכן די קאָנפערענץ, און וועלכן די רעאַקציאָנערע עלעמענטן, וואָס זיינען אַלעמאָל געווען קעגן פאַראייניקטער אַקציע, האָבן געזוכט מיט אַלע כחות אויפצובלאָזן, כדי ניט צו דערלאָזן צו אַ פאַראייניקטן פראָנט.

דאָס וואָס די רעאַקציאָנערע עלעמענטן האָבן ניט דערגרייכט אין פּענ־סילווייניע האָטעל גופא האָבן זיי געזוכט צו דערגרייכן נאָך דער קאָנפערענץ: זיי האָבן ניט דערלאָזט, אַז די באַשלוסן פון דער קאָנפערענץ זאָלן דורכ־געפירט ווערן.

דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער אָרדן, צוזאַמען מיט אַ גאַנצער ריי אַנדערע אָרגאַניזאַציעס, האָט געטאָן אַלץ כדי געטריי צו פאַרווירקלעכן די באַשלוסן פון יענער קאָנפערענץ אין לעבן. עס זיינען אָרגאַניזירט געוואָרן

איינציקע זייער דערפאָלגרייכע דעמאָנסטראַציעס פאַר די דייטשע קאָנסולאַטן. מיר האָבן דורכגעפירט מאַסן־פּיקעטינג פאַר אַ גאַנצער ריי געשעפטן, וועלכע האָבן פאַרקויפט דייטשע סחורות. מיר האָבן אָנטיילגענומען אין דעם פּאַקל־פּאַראַד אין ניו יאָרק, און וועלכן עס האָבן זיך באַטייליקט טויזנטער און וואָס האָט געלאָזן אַ טיפן איינדרוק. עס פאַרשטייט זיך, אַז אָט־די אַקציעס וואָלטן געווען פיל ווירקזאַמער ווען זיי וואָלטן דורכגעפירט געוואָרן פון אַלע אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין דער פּענסילווייניע־קאָנפערענץ.

## ערשטער אַלוועלטלעכער אידישער קאָנגרעס

אין אָנפאַנג יאָר 1936 איז באַוואוסט געוואָרן אין די פאַראייניקטע שטאַטן, אַז דער פּראָוויזאָרישער קאָמיטעט פון דעם אַלוועלטלעכן אידישן קאָנגרעס, וואָס געפינט זיך אין פּאַריז, קלייבט זיך ענדלעך צוזאַמענצורופן דעם ערשטן אַלוועלטלעכן אידישן קאָנגרעס אין זשענעווע אויף זומער פון 1936. דער רוף פון קאָמיטעט האָט פאָרמולירט פאָלגנדע פּראָגראַם פאַר דעם קאָנגרעס:

1. צו באַשיצן די ציווילע, פּאָליטישע, עקאָנאָמישע און רעליגיעזע רעכט פון די אידן אין די לענדער, וואו די רעכט ווערן באַ זיי צוגענומען.

2. צו קאָאָפּערירן מיט אַנדערע אידישע קערפּערשאַפטן פאַר דער פאַר־טיידיקונג פון די נאַציאָנאַלע רעכט פון די אידן אין די לענדער וואו די רעכט ווערן אָנערקענט אָדער וואו זיי זיינען אַ טייל פון געזעץ.

3. צו קעמפן פאַר גלייכהייט פאַר אידן אין אַלע לענדער און צו העלפן אין אַלע פאַלן פון אומגערעכטיקייט, שווערקייטן אָדער ליידן וואָס אידן מוזן אויסשטיין, דערפאַר ווייל מען נעמט באַ זיי צו זייערע לעגאַלע רעכט.

4. צו קעמפן קעגן עקאָנאָמישער דיסקרימינאַציע קעגן אידן, סיי אין אַמעריקע און סיי אין אויסלאַנד, בייצוטראָגן צו דער עקאָנאָמישער און קולטורעלער אַנטוויקלונג פון אידישן לעבן דורך העלפן אין דער גרינדונג פון עקאָנאָמישע און קולטורעלע אינסטיטוציעס, וועלכע זאָלן דינען דעם צוועק.

5. צו קאָאָפּערירן מיט אידן אין אַנדערע לענדער צו אָרגאַניזירן אַן אַגענטור, וועלכע זאָל רעדן און האַנדלען אין די אינטערעסן פון גאַנצן אידישן פאָלק, צו שטיצן דעם קאָמיטעט פון אידישע דעלעגאַציעס און אַקציעס אין זשענעווע און אין אַנדערע ערטער און צו קאָאָפּערירן אין דער אָרגאַניזירונג פון אַ אידישן וועלט־קאָנגרעס אויף אַ דעמאָקראַטישער באַזע.

פון אָט־דער פּראָגראַם און פון די דערקלערונגען, וואָס זיינען אַרויס־געגעבן געוואָרן פון דעם אַלוועלטלעכן אידישן קאָנגרעס, און פון דעם אַמערי־קאַנעם אידישן קאָנגרעס, האָט אויסגעזען, אַז זייערע פירער זיינען אויף אַן אמת פאַראינטערעסירט, אַז באַ דעם ערשטן אַלוועלטלעכן אידישן קאָנגרעס זאָלן זיין פאַרטראָטן אַלע שיכטן פון די אידן איבער דער גאַנצער וועלט. מיר ווילן זיך באַנוגענען מיט בלויז אַ קורצן אויסצוג פון אַן אַרטיקל פון דעם

פרעזידענט פון דעם אמעריקאַנעם אידישן קאָנגרעס, דר. סטיפען ווייז, אין דעם „טאָג" פון 7טן מאַי, 1936:

„דער צונויפקום פון אידן פון כלערליי שאַטירונגען און כלערליי פּאָליטישע איבערצייגונגען איז דער בעסטער ענטפער צו די שקרים פון די, וואָס טענהן אַז אַלע אידן זיינען אָדער קאָמוניסטן אָדער קאַפּיטאַליסטן. פאַראַן צווישן אידן אי קאָמוניסטן אי קאַפּיטאַליסטן, פּונקט ווי עס זיינען פאַראַן אידישע ליבעראַלן און אויך אידישע „ליבערטי־ליגערס". כל זמן אַ איד זאָגט ניט מיטן פולן מויל, אַז ער הערט אויף צו זיין אַ איד, קען ער זיך ניט אַרויסציען פון קרייז פון אידישן לעבן."

אינעם זעלבן נומער „טאָג" איז אויך פאַרעפנטלעכט געוואָרן אַ רוף צו די פּוילישע אידן פון דעם צייטווייליקן קאָמיטעט אין פּוילן. אין יענעם רוף ווערט צווישן אַנדערעס געזאָגט:

„דעריבער רופן מיר אַלע פּאָליטישע פּאַרטייען און אָרגאַניזאַציעס, אַלע סאָציאַלוויסנשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס, אַלע גרופּן און קלאַסן זיך צו זאַמלען אַרום אידישן וועלט־קאָנגרעס, אַרום דעם אָרגאַן פון זעלבסטשוץ און פאַרטיידיקונג, פון אויפבוי און פּאָזיטיווער אַרבעט, פון קאַמף פאַר מענטשלעכע און נאַציאָנאַלע רעכט."

פון די אומצאָליקע אַנדערע אַרטיקלען האָט מען געקענט מיינען, אַז די פּראָגרעסיווע כחות אינעם אַלוועלטלעכן אידישן קאָנגרעס און אין אַמעריקאַנעם קאָנגרעס האָבן די אויבערהאַנט און אַז זיי וועלן אַף אַן אמת פאַרווירקלעכן די אידייע פון באַשאַפן אַ פאַראייניקטע קערפּערשאַפט פון די אידישע מאַסן. ליידער מוזן מיר אָבער היינט פעסטשטעלן, אַז ניט די פּראָגרעסיווע כחות אינעם אַמעריקאַנעם קאָנגרעס האָבן געזיגט, און אַלס רעזולטאַט פון דעם, האָט דער אַמעריקאַנער קאָנגרעס ניט צוגעלאָזן דעם אָרדן און אַ גאַנצע ריי אַנדערע נאַציאָנאַלע קערפּערשאַפטן צו דער וואַשינגטאָנער קאָנפערענץ, וואָס האָט געדאַרפט דערוויילן דעלעגאַטן צום אַלוועלטלעכן אידישן קאָנגרעס.

די נאַציאָנאַלע עקזעקוטיווע פון דער אידישער סעקציע פון אָרדן האָט גענומען די איניציאַטיווע צוזאַמענצורופן אַ צאָל נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציעס מיט דעם צוועק צו באַטראַכטן וואָס אונדזער ווייטערדיקע שטעלונג זאָל זיין. עס זיינען זיך צוזאַמענגעקומען דער דזשאָינט קאָונסיל פון דער פאָריערס יוניאָן, דער פּיינטערס דיסטריקט קאָונסיל 9 פון ניו יאָרק, דער מוזיקאַלישער אַרבעטער־פאַרבאַנד, דער איקאָר, די נאַציאָנאַלע שול־קאָמיסיע פון אָרדן און זיי האָבן באַשלאָסן צו רופן אַ קאָנפערענץ פון אַלע אָרגאַניזאַציעס, וואָס זיינען ניט צוגעלאָזן געוואָרן צו דער וואַשינגטאָנער קאָנפערענץ פאַרן אַלוועלטלעכן אידישן קאָנגרעס. דער אָרדן איבערן גאַנצן לאַנד האָט געשפּילט זייער אַ וויכטיקע ראָל אין העלפן צוזאַמענברענגען די קאָנפערענץ, וואָס איז פאָרגעקומען אין יולי. בײַ דער קאָנפערענץ זיינען געווען פאַרטראָטן 507 אָר־

גאַניזאַציעס, מיט אַ מיטגלידערשאַפט פון 133,769. די קאָנפערענץ האָט דער־ווײלט אַ דעלעגאַציע צום אַלוועלטלעכן אידישן קאָנגרעס, אין וועלכער עס האָבן זיך אויך געפונען צוויי פאַרטרעטער פון אָרדן, די חברים ווײנער און זאַלצמאַן.

בײַ דעם וועלט־קאָנגרעס גופא אין זשענעווע האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אַ דראַמאַטישער קאַמף. אַ גרויסע צאָל פּראָגרעסיווע כחות האָבן געקעמפט ניט צו דערלאָזן, אַז אינעם איצטיקן שווערן מאָמענט אין לעבן פון אידישן פאָלק זאָל דער ערשטער אַלוועלטלעכער אידישער קאָנגרעס וואַגן אויסצושליסן דעלעגאַטן דערפאַר, ווײל זיי האָבן אַן אַנדער שטאַנדפּונקט פון די ציוניסטן, וועלכע זײנען געווען די הויפּט־פירער פונעם קאָנגרעס. אָבער לײדער זײנען די פּראָגרעסיווע כחות געווען אַ מינאָריטעט. אמת, פון די 250 דעלעגאַטן האָבן זיך דאָך געפונען 21 וועלכע האָבן אָפן געשטימט קעגן דעם פאָרשלאַג ניט צוצולאָזן די 5 דעלעגאַטן פון די אַמעריקאַנער אַרבעטער און פאָלקס־אָרגאַניזאַציעס. נאָך וויכטיקער איז געווען דער פאַקט, וואָס איבער 70 דעלע־גאַטן האָבן זיך אָפּגעהאַלטן פון שטימען. אַלע האָבן געוואוסט, אַז די 70 האָבן ניט געוואָלט ברעכן דעם באַשלוס פון דעם קאָקוס פון די ציוניסטן, און האָבן זיך אונטערגעגעבן די סטראַשונקעס פון דער אַמעריקאַנער ציוניס־טישער דעלעגאַציע. אָבער דאָך האָבן זיי ניט געוואָלט גוטהייסן אָט־דעם שענדלעכן אַקט און האָבן זיך אָפּגעהאַלטן פון שטימען.

אונדזער דעלעגאַציע באַם וועלט־קאָנגרעס איז געווען אַ ווירדיקע. זי האָט פאַרטראָטן ניט נאָר די 133 טויזנט אידן אין אַמעריקע וואָס האָבן זיי געשיקט, נאָר אָן ספק אויך הונדערטער טויזנטער אידן אין אַנדערע לענדער, וועלכע האָבן צוליב די מאַנעוורעס פונעם רעאַקציאָנערן פליגל פון דער ציוניס־טישער אָרגאַניזאַציע ניט געקענט זײן פאַרטראָטן בײַ דעם אַלוועלטלעכן קאָנגרעס. אין דער דערקלערונג, וואָס אונדזערע 5 דעלעגאַטן האָבן אַרויס־געגעבן אַף מאָרגן, נאָך דעם ווי עס איז געפאַסט געוואָרן דער באַשלוס זיי ניט צוצולאָזן — אַ דערקלערונג, וועלכע איז אָפּגעדרוקט געוואָרן אין צענדליקער צײטונגען אין אַלע לענדער — האָט זיך געזאָגט :

„מיר האָבן געהאַט דאָס רעכט צו דערוואַרטן, אַז דער אידישער וועלט־קאָנגרעס וועט ניט האַנדלען אַזוי שענדלעך און אַזוי ענג פאַרטײ־איש ווי עס האָט געהאַנדלט דער אַמעריקאַנער אידישער קאָנגרעס. לײדער האָבן מיר געהאַט אַ טעות. די זעלבע כחות, וואָס האָבן געטריבן צו אַ שפּאַלטונג און אַן אָפּשוואַכונג אין אַמעריקע, האָבן דאָמינירט אויך דעם שיקזאַל פון וועלט־קאָנגרעס.

„מיר זײנען געקומען קיין זשענעווע האָפנדיק, אַז אונדזער פאַל איז בלויז אַ טרויעריקער אויסנאַם. דערוואוסט האָבן מיר זיך, אַז די זעלבע ענג־פאַרטײאישע און דיסקרימינאַטאָרישע פּאָליטיק איז געטריבן געוואָרן פון די זעלבע עלעמענטן אין אַ רײ אַנדערע לענדער. אָט־די פּאָליטיק האָט געמאַכט אוממעגלעך שוין פון סאַמע אָנהייב פאַר די וויכטיקע פאָלקס־אָרגאַניזאַציעס אין פראַנקרײך אָנטײלצונעמען אין

דער ארבעט פון קאָנגרעס. מיר האָבן קאָפּיעס פון שאַרפע פּראָטעסטן מצד וויכטיקע אידישע אָרגאַניזאַציעס פון ליטע, בעלגיע, בולגאַריע, אַרגענטינע און נאָך אַנדערע לענדער קעגן אויסשליסונגען און דיס־קרימינאַציעס. אַפילו דעם איינציקן דעלעגאַט פון אוראַגוואַי, דער איינציקער פון דעם וועלט־קאָנגרעס, וועלכער איז דערווײלט געוואָרן דורך אמתע דעמאָקראַטישע וואַלן, האָט איר אויסגעשלאָסן דאָ אין זשענעווע, נאָר דערפאַר, ווייל איר האָט אים חושד געווען אין פּאָ־ליטישער ניט־כשרקייט."

פאַרענדיקט האָט זיך די דערקלערונג מיט אַ שטאָלצער און ווירדיקער פאָדערונג:

„מיר רופן אייך נאָכאַמאָל אַוועקצואוואַרפן די ענג־פּאַרטייאיש־קייט. מיר פאָדערן פון אייך, אַז איר זאָלט שטעלן די אינטערעסן פון די אידישע פאָלק־מאַסן העכער ווי די אינטערעסן פון אַ פּאַרטיי. זאָל לעבן דער ברייטסטער פאָלקס־פראָנט פאַר דער באַשיצונג פון די רעכט און לעבנס פון די אידן אין דער גאַנצער וועלט!"

## די אָרגאַניזירונג פון פאָלקס־קאָמיטעט

ווען אונדזער דעלעגאַציע איז צוריקגעקומען קיין אַמעריקע און אָפּ־געגעבן באַריכטן אין די וויכטיקסטע צענטערן פון לאַנד, איז קלאָר געוואָרן, אַז אין די פאַראייניקטע שטאַטן דאַרף אויפגעבויט ווערן אַן אינסטרומענט, וואָס זאָל, פון איין זייט — ווייטער פּראָפּאַגאַנדירן די אידייע פון אַ גע־אייניקטן כח, און פון דער צווייטער זייט — זעלבסטשטענדיק אָנפירן אַקציעס פאַר דער פאַרטיידיקונג פון די אידישע מאַסן אין אַלע לענדער.

עס איז דערפאַר באַשלאָסן געוואָרן צו אָרגאַניזירן דעם אידישן פאָלקס־קאָמיטעט, וועלכער איז עטאַבלירט געוואָרן אַלס אַ צייטווייליקע קערפּערשאַפט באַ דער קאָנפערענץ פון 12טן יולי, 1936, ווען עס זיינען דערווײלט געוואָרן די 5 דעלעגאַטן צום אַלוועלטלעכן אידישן קאָנגרעס אין זשענעווע.

די אָרגאַניזירונג פון דעם פאָלקס־קאָמיטעט איז געווען איינע פון די וויכטיקסטע געשעענישן אין דעם לעבן פון די אידן אין אַמעריקע. און עס פרייט אונדז היינט צו באַריכטן פאַר אייך, חברים דעלעגאַטן, אַז די נאַציאָ־נאַלע עקזעקוטיווע פון אָרדן, די שטאַט־קאָמיטעטן און די ברענטשעס האָבן געשפּילט זייער אַ וויכטיקע ראָל אין דער אויפבויאונג פונעם פאָלקס־קאָמיטעט. אין דער בערך קורצער צייט, וואָס דער פאָלקס־קאָמיטעט עקזיס־טירט, עטוואָס איבער אַ יאָר, האָט ער דורכגעפירט אַ צאָל זייער באַדייטנדיקע אַקציעס פאַר דער פאַרטיידיקונג פון די אידן אין דייטשלאַנד. ער האָט גע־זאַמלט צענדליקער טויזנטער אונטערשריפטן פאַר געזעצן, וואָס זאָלן פאַרווערן אַנטיסעמיטיזם אין אַמעריקע. דער מאַרש קיין וואַשינגטאָן, וואָס דער פאָלקס־קאָמיטעט האָט לעצטנס דורכגעפירט, האָט אויפגערודערט דאָס גאַנצע אידישע געזעלשאַפטלעכע לעבן, האָט באַוויזן צו ברענגען טויזנטער דעלעגאַטן קיין

וואשינגטאָן פון אַלע עקן פון לאַנד, פון אַלע ריכטונגען אין אידישן לעבן, אָנפאַנגענדיק פון בתי־מדרשים און ענדיקנדיק מיט פאַרטרעטער פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. דער מאַרש קיין וואשינגטאָן האָט געהאַט די ווירקונג, אַז די פירער פון דער רעגירונג האָבן צוגעזאָגט, אַז זיי וועלן העלפן מיט אַלץ וואָס זיי קענען נאָר צו באַשיצן די רעכט פון די אידן אין פּוילן.

דער לעצטער אייניקייט־קאָנגרעס, וואָס איז פאָרגעקומען דעם 12טן מערץ, 1938, איז געווען נאָך אַ זייער וויכטיקער שריט פאָרויס פאַר דער אויפבויאונג פונעם פאָלקס־פראָנט אין די פאַראייניקטע שטאַטן. 963 אָר־גאַניזאַציעס, פאַרטרעטנדיק 262,436 אידן פון 32 שטעט און 14 שטאַטן, זיינען געווען פאַרטראָטן. אין אָט־דעם אייניקייט־קאָנגרעס האָבן זיך באַ־טייליקט יוניאָנס, ברענטשעס פון אָרדן, לאַנדסמאַנשאַפטן, סאָסייעטיס, קינדער־שולן, בתי־מדרשים, קולטור־אָרגאַניזאַציעס, איקאָר־צווייגן, ברענ־טשעס פון אַרבעטער־רינג און אַנדערע. אַ צאָל פּראָמינענטע סענאַטאָרן און קאָנגרעסלייט, וואָס שפּילן אַ באַדייטנדע ראָל אינעם פּאָליטישן לעבן אין אַמעריקע, זיינען אויפגעטראָטן. צענדליקער דעלעגאַטן פון גאַנצן לאַנד, פאַרטרעטער פון בתי־מדרשים, סאָסייעטיס, אַרבעטער־רינג ברענטשעס האָבן פעסטגעשטעלט, אַז די איינציקע קערפּערשאַפט, וואָס איז אָפּ דער וואָך פאַר די אידישע מאַסן, די איינציקע קערפּערשאַפט וואָס טרייבט אָפּטמאָל סיי דעם אַמעריקאַנעם קאָנגרעס סיי דעם אַרבעטער־קאָמיטעט צו אַקציע, איז דער אידי־שער פאָלקס־קאָמיטעט.

דער ניי־דערוויילטער פאָלקס־קאָמיטעט האָט גלייך באַ זיין ערשטער זיצונג אונטערגענומען אַ וויכטיקע אַקציע פאַר די אידן אין עסטרייך און אין דייטשלאַנד. אַ ספּעציעלע דעלעגאַציע איז געשיקט געוואָרן צום לייבאָר־דעפּאַרטמענט און סטייט־דעפּאַרטמענט אין וואשינגטאָן אויפצונעמען די פראַגע וועגן דער מעגלעכקייט, אַז דער קאָנגרעס זאָל דורכפירן אַ ספּעציעלן געזעץ אָדער געמיינשאַפטלעכע רעזאָלוציע אַריינצולאָזן אַלע פּאָליטישע פאַר־פאָלגטע איבער דער קוואָטע. דאָס איז פאָרגעקומען אַ וואָך צייט איידער פּרעזידענט רוזוועלט איז אַרויסגעקומען מיט זיין וויכטיקן רוף צו העלפן די פאַרפאָלגטע אידן פון דייטשלאַנד און עסטרייך. דער אידישער פאָלקס־קאָמיטעט גרייט איצט צו אַ ספּעציעלע רעזאָלוציע, וואָס וועט די טעג פאָר־געבראַכט ווערן פאַרן קאָנגרעס און סענאַט. דער קאָמיטעט אָרגאַניזירט אַ ברייטע באַוועגונג איבערן גאַנצן לאַנד פון אַלע אידישע און ניט־אידישע פּראָגרעסיווע אָרגאַניזאַציעס צו העלפן אונטערשטיצן אָט־דעם וויכטיקן ביל פאַר די אידישע מאַסן.

חברים דעלעגאַטן : דערציילנדיק אייך אָט־דעם וויכטיקן קאַפּיטל ווילן מיר נאָכאַמאָל אונטערשטרייכן, אַז ניט קוקנדיק אָפּ דעם וואָס מיר האָבן פאַרצייכנט זייער וויכטיקע דערגרייכונגען אָפּ דעם געביט, האָבן מיר אָבער נאָך זייער פיל צו דערגרייכן. קיינער פון אונדזערע דעלעגאַטן, קיינער פון אונדזערע ברענטשעס טאָר זיך ניט באַנוגענען מיט דעם וואָס מיר האָבן ביז איצט דערגרייכט. אונדזער שטרעבונג צו פאַראייניקן דאָס אידישע געזעלשאַפטלעכע לעבן דאַרף און קען דערגרייכט ווערן. די אַרבעט פון בויען

אַ ברייטן אידישן פֿאָלק־פֿראָנט אינעם איצטיקן מאָמענט איז אַ פֿראַגע פֿון לעבן און טויט פֿאַר די אידישע מאַסן אין אַלע לענדער. עס איז אַ פֿראַגע פֿון לעבן און טויט פֿאַר די אידישע מאַסן אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן. בלויז אַ פֿאַראייניקונג פֿון אַלע אידישע אָרגאַניזאַציעס מיט די ניט־אידישע פּראָ־גרעסיווע כחות אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן וועט זיין בכח אָפּצושטעלן דעם וואוקס פֿון אַנטיסעמיטיזם.

מיר טאָרן ניט פֿאַרגעסן, אַז כאָטש דער אידישער פֿאָלקס־קאָמיטעט איז אין משך פֿון זיין עקזיסטענץ שטאַרק אויסגעוואקסן און נעמט אַרום איצט אַ גרויסע צאָל אידישע אַרבעטער־ און פֿאָלקס־אָרגאַניזאַציעס, דאַרף דאָך אונ־דזער אידישע סעקציע וויטער, ווי ביז איצט, שפּילן אַ וויכטיקע ראָל באַם העלפֿן אויפֿבויען אָט די ברייטע פֿאָלקס־פּאָזיציע פֿאַר דער פֿאַרטיידיקונג פֿון אונדזערע רעכט און אונדזער לעבן. מיר רופֿן די ברענטשעס אַוועקצושטעלן די בויאונג פֿונעם פֿאָלקס־קאָמיטעט, דאָס דורכפֿירן די אַקציעס פֿון פֿאָלקס־קאָמיטעט אַלס זייער צענטראַלע אויפֿגאַבע נאָכן צוזאַמענפֿאָר. מיר זיינען געווען די אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט אויפֿגעהויבן די פֿאָן פֿון פֿאָלקס־פֿראָנט אינעם אידישן לעבן. לאָמיר ניט מיד ווערן ביז מיר וועלן אונדזער ציל פֿאַרווירקלעכן.

## III. אייניקייט אין דער פֿראַטערנאַלער באַוועגונג

אונדזער פּאָליסי פֿון אייניקייט דרינגט אַרויס פֿון אונדזערע פּרינ־ציפּן גופא, פֿון דעם סאַמע נאָמען „אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער אָרדן”. לאָמיר ניט פֿאַרגעסן, אַז גלייך באַ זיין גרינדונג האָט דער אָרדן אָנגעהויבן צו מאַכן פֿאַרזוכן צו פֿאַראייניקן זיך מיט אַנדערע אַרבעטער פֿראַטערנאַלע אָרגאַניזאַציעס, און אין די ערשטע דריי יאָר פֿון זיין עקזיסטענץ איז אים טאַקע געלונגען זיך צו פֿאַראייניקן מיט די אונגאַרישע, סלאָוואַקישע און רוסישע פֿראַטערנאַלע אָרגאַניזאַציעס. אין די לעצטע יאָרן איז אָבער די נויטווענדיקייט פֿאַר אייניקייט אין דער פֿראַטערנאַלער באַוועגונג געוואָרן פֿיל דרינגענדיקער ווי ווען עס איז פֿריער. די געפֿאַר פֿון פֿאַשיזם, מלחמה און אַנטיסעמיטיזם איז געוואָרן אַקטועל און דראָענדיק, און עס איז פֿאַר אונדז קלאָר געוואָרן, אַז צווישן אונדז און די פֿינצטערע כחות, וואָס ווילן פֿאַר־שקלאַפֿן און פֿאַרניכטן די מענטשהייט, גייט אָן אַ יאָג־געווער, און אַז כדי דער זיג זאָל זיין אָף אונדזער זייט מוזן מיר פֿאַראייניקן די אַרבעטער פֿראַטערנאַלע באַוועגונג וואָס שנעלער. מיר האָבן געמאַכט עטלעכע פֿאַרזוכן פֿאַר אייניקייט און פֿאַר פֿאַראייניקטע אַקציעס מיטן אַרבעטער־רינג, אָבער אָן דערפֿאָלג. אונדזער לעצטער צוזאַמענפֿאָר אין מאַי 1935 איז צופֿעליק אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין דער זעלבער צייט מיטן אַרבעטער־רינג צוזאַמענפֿאָר. אונדזער צוזאַמענפֿאָר האָט געשיקט אַ ספּעציעלן בריוו צום אַרבעטער־רינג,

צוזאַמענפֿאָר און פֿאָרגעשלאָגן, אַז ביידע אָרגאַניזאַציעס זאָלן פֿאַראייניקן זייערע כחות פֿאַר געמיינזאַמער אַקציע אַרום די פֿאָלגנדע דריי פּונקטן:

1) סאָציאַלע פֿאַרזיכערונג, 2) קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם און פֿאַשיזם, 3) פֿאַרטיידיקונג פֿון די פֿרעמד־געבוירענע. מיר האָבן פֿאָרגעשלאָגן, אַז ביידע קאָנווענשאָנס זאָלן דערוויילן קליינע סאָב־קאָמיטעס, וועלכע זאָלן אויפֿנעמען אָט־די דריי פֿראַגן און אויך אַנדערע, וועלכע דער אַרבעטער־רינג וועט געפֿינען פֿאַר נייטיק אויפֿצונעמען.

ווען אונדזער רוף איז אויפֿגענומען געוואָרן אויף דער קאָנווענשאָן פֿון אַרבעטער־רינג, האָבן אייניקע פֿירער פֿון אַרבעטער־רינג געזוכט צו אָרגאַניזירן אַ וואַקכאַנאַליע קעגן דעם אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטער אָרדן. ניט קוקנדיק אויף אַלע זייערע באַמיאונגען, האָבן אָבער 60 דעלעגאַטן געשטימט פֿאַר אָננעמען אונדזער רוף און פֿאַר געמיינשאַפֿטלעכע אַקציעס צווישן ביידע אָרדנס. נאָך מער, זייער אַ גרויסע צאָל דעלעגאַטן האָט זיך אָפּגעהאַלטן פֿון שטימען צוליב פֿאַרשטענדלעכע סיבות.

נאָך דער קאָנווענשאָן איז די פֿראַגע וועגן געאייניקטער אַקציע איבער־געטראָגן געוואָרן אין די בראַנטשעס און אין די שטעט. פֿון די באַריכטן וואָס מיר האָבן באַקומען פֿונעם גאַנצן לאַנד איז צו זען, אַז אַ פֿיל גרעסערע צאָל בראַנטשעס, ווי די צאָל דעלעגאַטן פֿון אַרבעטער־רינג צוזאַמענפֿאָר וואָס האָט געשטימט פֿאַר אונדזער רוף האָבן פֿאַרטראַכטן, האָבן אונטערשטיצט דעם רוף. אַ צאָל בראַנטשעס פֿון אַרבעטער־רינג האָבן איינגעשטעלט פֿאַרבינדונגען מיט די בראַנטשעס פֿון אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטער אָרדן. לאַנדסמאַנשאַפֿט־בראַנטשעס האָבן זיך פֿאַראייניקט מיט לאַנדסמאַנשאַפֿט־בראַנטשעס און אָר־גאַניזירט הילף־קאָמיטעטן פֿאַר די אידן אין פּוילן, רומעניע, עסטרייך און אַנדערע לענדער. לאָמיר דאָ גראַטולירן אונדזערע בראַנטשעס און שטאָט־קאָמיטעטן מיט דעם פֿאַקט, וואָס צום ערשטן מאָל אינעם קאַמף פֿאַר אייניקייט אין דער פֿראַטערנאַלער אַרבעטער־באַוועגונג זיינען זיי געווען דערפֿאָלגרייך, ניט נאָר אין אַבסטראַקט פּראָפּאַגאַנדירן די אידייע פֿון אייניקייט, נאָר אין קאָנקרעטע אייניקייט־אַקציעס מיט שטאָט־קאָמיטעטן און בראַנטשעס פֿון אַרבעטער־רינג.

## דער אָפֿענער בריוו צו דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיווע פֿון אַרבעטער־רינג

דעם 20טן יאַנואַר, 1936, האָט די אַלגעמיינע נאַציאָנאַלע עקזעקוטיווע פֿונעם אָרדן אַרויסגעשיקט אַ בריוו צו 9 אַרבעטער פֿראַטערנאַלע אָרדנס אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן. צווישן די 9 האָבן זיך געפֿונען צוויי אידישע אָרדנס, דער אַרבעטער רינג און דער נאַציאָנאַלער אַרבעטער פֿאַרבאַנד. אָט־דער בריוו האָט צום ערשטן מאָל אַוועקגעשטעלט די פֿראַגע וועגן אָרגאַניש פֿאַראייניקן די אַרבעטער פֿראַטערנאַלע באַוועגונג. דער בריוו האָט צווישן אַנדערע זאַכן אָנגעוויזן, וואָס פֿאַר אַ קאָלאָסאַלע ראָל די אַרבעטער פֿראַטערנאַלע באַוועגונג וואָלט געקענט שפּילן אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן ווען די טויזנטער הונדערט

טויזנט מיטגלידער אין אַט־די 9 פּראָטערנאַלע אָרגאַניזאַציעס וואָלטן זיך פּאַראייניקט און וואָלטן אַלס זייער הויפּט־ציל אָוועקגעשטעלט פאַר זיך די אויפגאַבע צו פאַראייניקן די עטלעכע מיליאָן מיטגלידער אין דער פּראָטערנאַלער באַוועגונג אין אַמעריקע. דער בריוו האָט אָנגעוויזן, אַז ניט נאָר וואָלט אַזאַ אָרגאַניזאַציע געשפּילט זייער אַ וויכטיקע ראָל אינעם געזעלשאַפטלעכן לעבן, נאָר אַז אירע פּראָטערנאַלע לייסטונגען וואָלטן געווען פיל גרעסערע און בעסערע ווי די איצטיקע. דער בריוו האָט אויך גערעדט וועגן דער מעגלעכקייט צו דערשלאָגן זיך אַ צאָל וויכטיקע באַשיצונג־געזעצן פאַר די אַרבעטער דאָ אין לאַנד, באַזונדערס אין די אינדוסטריעס וואו עס עקזיסטירן אַ סך אינדוסטריעלע קראַנקהייטן. דער בריוו האָט פאָרגעשלאָגן, אַז אויב עס איז ניט מעגלעך גלייך צוטרעטן צו דער פראַגע פון איייניקייט, זאָל מען געפינען אַ וועג ווי אַזוי אָנצופירן געמיינשאַפטלעכע אַקציעס אַרום קאָנקרעטע אישוס.

פון דעם נאַציאָנאַלן אַרבעטער פאַרבאַנד האָבן מיר באַקומען אַ קורצן אָפּזאָג, דערקלערנדיק אַז ביידע אָרגאַניזאַציעס שטייען אַף צוויי באַזונדערע פּלאַטפאָרמעס און דעריבער איז ניט מעגלעך קיין איייניקייט. צום סוף האָבן זיי געזאָגט, אַז אויב מיר וועלן ווערן ציוניסטן וועלן זיי זיך מיט אונדז דעמאָלט פאַראייניקן. פון דעם אַרבעטער־רינג האָבן מיר ניט באַקומען קיין ענטפער ביז היינט. כאָטש אונדזער בריוו איז אין אַרבעטער־רינג דיסקוטירט געוואָרן. די נאַציאָנאַלע עקזעקוטיווע פון דער אידישער סעקציע האָט דאַן אונטערנומען אַן ענערגישע אויפקלערונג־קאַמפּאַניע איבער דער פראַגע פון איייניקייט און האָט אַרויסגעשיקט דעם נאַציאָנאַלן סעקרעטאַר אַף אַ לענגערן טור, ספּעציעל איבער אַט־דער פראַגע. אין די קאַרגע דריי צענדליק שטעט, וואָס איך האָב באַזוכט, אויפטרעטנדיק אַף מאַסן־מיטינגען, וועלכע עס האָבן באַזוכט אַ גרויסע צאָל מיטגלידער פון אַרבעטער־רינג, האָב איך געפונען אַ וואַרעמען אָפּקלאַנג אין די רייען פון די אַרבעטער־רינג מיטגלידער. איך מוז דאָ אָבער אויך פעסטשטעלן, אַז אין אונדזערע אייגענע רייען איז ניט געווען גענוג קלאָרקייט וועגן אַט־דער פראַגע. אַ סך פון אונדזערע חברים האָבן פון אָנפאַנג געטראַכט : צו וואָס דאַרפן מיר איייניקייט אין דער פּראָטערנאַלער באַוועגונג ? מיר האָבן דאָך אין אַזאַ קורצער צייט אויפגעבויט אַ פּרעכטיקן אָרדן, מיר האָבן אָנגעזאַמלט גרויסע רעזערוו־פאָנדן, מיר האָבן געצאָלט פינקטלעך אונדזערע בענעפיטן. צוליב וואָס דאַרפן מיר איצט רעדן וועגן איייניקייט ? אייניקע חברים האָבן מורא געהאַט, אַז דאָס פּראָפּאַגאַנדירן איייניקייט אין דער פּראָטערנאַלער באַוועגונג שוואַכט אָפּ אונדזער פּאָזיציע צווישן די ברייטע אידישע מאַסן. זיי האָבן מורא געהאַט, אַז מען וועט דאַרפן העכערן די צאָלונגען, אויב מיר וועלן זיך פאַראייניקן. מיר קענען אָבער מיט זיכערקייט זאָגן, אַז אונדזערע טוער פאַרשטייען איצט די וויכטיקייט פון איייניקייט, אַז אַט־די פּראָבלעמען מוטשען זיי שוין היינט מער ניט, און אַז די פראַגע פון איייניקייט איז היינט צו טאָג זייער קלאָר פאַר אַלע אונדזערע מיטגלידער. אַלס רעזולטאַט פון דער גאַנצער קאַמפּאַניע זיינען אין אַ צאָל שטעט איינגעשטעלט געוואָרן ענגערע באַציאונגען צווישן די ברענטשעס פון

אַרבעטער־רינג און פון אָרדן. אין אַ צאָל קלענערע שטעט, וואו — אַלס אַן איבערבלייבעכץ פון דער שפּאַלטונג אין 1929 — איז מען נאָך אַלץ געווען אַף מעסער־שטעך, איז פאַרגעקומען זייער אַ גרויסע דערנענטערונג. אַ צאָל ברענטשעס פון אַרבעטער־רינג האָבן איינגעלאַדן ברענטשעס פון אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטער אָרדן אַפּצוהאַלטן זייערע מיטינגען אין זייערע קלוב־צימערן. אין אַ צאָל שטעט האָבן זיי אָנגעהויבן רעדן וועגן געמיינ־שאַפטלעכע קלוב־צימערן; אין אַ צאָל שטעט האָט מען זיך אָנגעפאַנגען צו דערנענטערן אין קאַמף קעגן פאַשיזם, אַנטיסעמיטיזם און אַנדערע וויכטיקע פּראָבלעמען, וואָס זיינען נוגע דאָס לעבן פון די אידישע מאַסן.

## געאייניקטע אַקציעס צווישן אָרדן און אַרבעטער־רינג ברענטשעס

אַ ביישפּיל פון דעם, וואָס מען קען אויפטאָן פאַראייניקטערהייט, האָט אונדז געגעבן לאָס־אַנדזשעלעס. זייער אַקציע האָט אויפגערודערט דאָס גאַנצע לאַנד. דער שטאָט־קאָמיטעט פון אַרבעטער רינג און פון אָרדן און אַלע אַנדערע טיילן פון דער אַרבעטער־באַוועגונג אין שטאָט האָבן דורכגעפירט אַ צוויי־שטונדיקן גענעראַל־סטרייק, אַלס פּראָטעסט קעגן די פאַרפאָלגונגען אַף די פּוילישע אידן. עס זיינען צוגעמאַכט געוואָרן אַלע געשעפטן, אידישע אַרבעטער האָבן אָפּגעשטעלט זייער אַרבעט אין די פאַבריקן, מען האָט דורכ־געפירט זאַמלונגען פאַר די אידן אין פּוילן, און אויב מיר מאַכן קיין טעות ניט, האָבן זיי צוגעטראָגן אַ סומע פון $10,000 צום אידישן אַרבעטער־קאָמיטעט.

נאָך אַ מוסטער פון ערנסטקייט און איבערגעגעבענער אַרבעט אַפן געביט פון פאַראייניקטן פראָנט איז דער בריסקער ברענטש 15 פון אָרדן. אַט־דער ברענטש איז אַרויסגעוואַקסן פון אַ שפּאַלטונג אין דעם ברענטש 286, אַרבעטער־רינג. די פאַראייניקטע אַרבעט צווישן די צוויי ברענטשעס האָט אָבער שנעל פאַרהיילט יענעם ריס און איצט, אַ דאַנק דער אַרבעט פוןביידע ברענטשעס, איז אויפגעבויט געוואָרן אַ פאַראייניקטע הילף־אָרגאַניזאַציע, אין וועלכער עס באַטייליקן זיך כמעט אַלע בריסקער לאַנדסמאַנשאַפטן. זי האָט באַוויזן צו זאַמלען טויזנטער דאָלאַר צו העלפן די ליידנדיקע אין בריסק, און איז געוואָרן די פירנדיקע אָרגאַניזאַציע פון אַלע בריסקער לאַנדסמאַנשאַפטן אין ניו יאָרק און איבערן לאַנד. סיי דער אַרבעטער־רינג ברענטש און סיי דער אָרדן־ברענטש שפּילן אַן אָנגעזעענע ראָל אין אַט־דער אָרגאַניזאַציע. די דערנענטערונג ווערט פון טאָג צו טאָג אַלץ שטאַרקער און די מיטגלידער פון ביידע ברענטשעס הויבן אָן אַלץ מער צו פילן די נויטווענדיקייט פון אַן אמתער פאַראייניקונג צווישן דעם אַרבעטער־רינג און דעם אָרדן.

## איז פאַראייניקונג מעגלעך?

איך ווייס, אַז אַ סך פון אונדזערע חברים שטעלן אַוועק די פראַגע: וואָס טויג דאָס אַלץ, וואָס קען דאָס העלפן, אַז די פירערשאַפט פון דעם אַרבעטער־רינג איז פאַרביטערט און טוט אַלץ אין דער וועלט ניט צו דערלאָזן

קיין פאראייניקטע אקציעס, שוין אפגערעדט פון פולער פאראייניקונג? ווייל איך צו די חברים זאגן: אונדז זיינען באקאנט א סך פירער פון טרייד־יוניאנס, וועלכע האבן זיך געשטעלט קעגן אייניקייט, און דאך איז די אייניקייט צושטאנד געקומען און ווען ס'איז פארגעקומען די פאראייניקונג, האבן אפילו אט־די פירער איינגעזען ווי נויטווענדיק זי איז. וואס מער די ברייטע מיטגלידערשאפט פון ארבעטער־רינג וועט איינזען די נויטווענדיקייט פון אייניקייט, אלץ מער וועלן אויך די פירער פון ארבעטער־רינג פארשטיין, אז א פאראייניקטע פראטערנאלע באוועגונג איז אין די אינטערעסן פון זייער מיטגלידערשאפט. און אפילו די פירער פון ארבעטער־רינג, וועלכע זיינען איצט צוליב פאליטישע מאטיוון פאראינטערעסירט אנצוהאלטן די צעטיילטקייט, וועלן אויך מוזן נאכגיין דעם אלגעמיינעם שטראם און דורכפירן דעם ווילן פון דער ברייטער מיטגלידערשאפט. די פראגע איז בלויז: מיר מוזן ניט נאכלאזן אין אונדזער אייזן־פעסטער איבערצייגונג, אז אייניקייט מוז און קען דערגרייכט ווערן! מיר דארפן מיט מער עקשנות אנגיין מיט דער ארבעט, מיר וועלן סוף כל סוף אונדזער ציל דערגרייכן.

מיר האבן אין אונדזער אָרדן פאראייניקט די אידישע, אונגארישע, סלאוואקישע און רוסישע פראטערנאלע אָרגאניזאציעס. די אייניקייט איז געווען א ברכה פאר אלעמען. אויב מיר האבן געקענט אף א דערפאלגרייכן אופן פאראייניקן אָרגאניזאציעס פון באזונדערע פראטערנאלע גרופן, מיט באזונדערע שפראכן, מיט באזונדערע קולטורן, איז ניטא קיין אורזאך פארוואס מיר זאלן ניט זיין בכח צו פאראייניקן דעם ארבעטער־רינג מיטן אינטערנאציאנאלן ארבעטער אָרדן.

## IV. דאס אָרגאניזאציאנעלע לעבן אין אָרדן

לאמיר זיך צוערשט אפשטעלן אף דעם וואוקס פון דער אידישער סעקציע. ווען דער באריכט ווערט געשריבן, האבן מיר נאך ניט די רעזולטאטן פון די לעצטע 20 טעג פון דער מיטגלידער־קאמפאניע. מיר ווייסן די ציפערן בלויז ביז דעם 4טן אפריל, ד. ה., פונקט דריי יאר זינט אונדזער לעצטן צוזאמענפאר, דעם ערשטן אפריל, 1935. דער באריכט בא יענעם צוזאמענפאר האט אנגעגעבן, אז די אידישע סעקציע האט דעם 1טן אפריל פארמאגט 22,520 מיטגלידער. דעם 4טן אפריל, 1938, פארמאגט די אידישע סעקציע 36,971 מיטגלידער. דאס מיינט א נעטער צוואוואוקס פון 14,451 מיטגלידער.

### דער וואוקס פון דער אידישער סעקציע

ווי איז דער וואוקס געגאנגען יאר נאך יאר? אין די אכט חדשים, פון דעם 1טן אפריל 1935 ביז דעם 1טן יאנואר 1936, האט די אידישע סעקציע ארייגענומען 9,807 מיטגלידער. אין די זעלבע חדשים האבן מיר אויס־

געשלאָסן בלויז 3,191. מיר האָבן אויך אַרויסגעטראַנספּערירט צו דער ענג־לישער סעקציע 427 מיטגלידער.

אַ גאַנץ אַנדער בילד באַקומען מיר אָבער אין יאָר 1936. אין גאַנצן יאָר 1936 האָבן מיר אַריינגענומען 12,307 מיטגלידער. דערפֿאַר האָבן מיר אָבער אויסגעשלאָסן 7,071 מיטגלידער. צו דערצו האָבן מיר אַרויסגעטראַנס־פּערירט 699 מיטגלידער צו דער ענגלישער סעקציע. (מען טאָר ניט פֿאַרקוקן דעם פֿאַקט, אַז אַרום 2,000 אָדער 2,500 מיטגלידער זיינען פֿאַר־לוירן געגאַנגען צוליב דעם, וואָס אָנפֿאַנג יאַנואַר 1936 איז די אידישע סעק־ציע איבערגעגאַנגען אַף מאַנאַטלעכע צאָלונגען.)

אָבער נאָך ערגער איז געווען די לאַגע פֿון דער אידישער סעקציע אין יאָר 1937. אין משך פֿון גאַנצן יאָר האָבן מיר אַריינגענומען מיט 4,105 מיטגלידער ווייניקער ווי אין יאָר 1936 — סך הכל 8,202 מיטגלידער. דער־פֿאַר האָבן מיר אין 1937 אויסגעשלאָסן גאַנצע 8,063 מיטגלידער. ווען איר וועט נאָך צורעכענען די 530 אַרויסטראַנספּערירטע צו דער ענגלישער סעקציע, מאַכט עס אויס אַ נעט פֿאַרלוסט פֿון 8,593. פֿון וואַנען האָט זיך גענומען אין יאָר 1937 אַזאַ גרויסע צאָל אויסגעשלאָסענע? פֿאַרוואָס זיינען מיר אין יאָר 1937, מיט אַ גרעסערער צאָל מיטגלידער, דאָך ניט געווען בכח צו פֿאַרגרעסערן אונדזער מיטגלידערשאַפֿט? אמת, מיר קענען געפֿינען אורזאַכן. איין אורזאַך — אין דער צאָל אויסגעשלאָסענע פֿון יאָר 1937 געפֿינען מיר 3,823, וועלכע זיינען אין דער אמתן קיינמאָל קיין מיטגלידער אין אָרדן ניט געווען. זיי זיינען רעקרוטירט געוואָרן אין דער באַרימטער קאַמפּאַניע, ווען אַ גרויסע צאָל אַקטיוויסטן האָבן זיך געיאָגט צו געווינען אַ רייזע אין סאָוועטן־פֿאַרבאַנד. די ניי־רעקרוטירטע מיטגלידער האָבן אָבער קיינמאָל קיין איין סענט מיטגלידער־אָפּצאָל ניט איינגעצאָלט, ניט אין דעם בראַנטש און ניט אין נאַציאָנאַלן אָפֿיס, אַ סך פֿון זיי האָבן אַפּילו ניט באַצאָלט זייער איינטריט־געלט. די צווייטע אורזאַך, וואָס מען קען געפֿינען, איז אַז מיר האָבן אין יאָר 1937 ניט געפֿירט קיין מיטגלידער־קאַמפּאַניע. מיר האָבן עפּעס יאָ דערקלערט אומלעגאַל אַ מיטגלידער־קאַמפּאַניע אין די חדשים אָקטאָבער, נאָוועמבער און דעצעמבער, אָבער אין דער אמתן איז קיין קאַמפּאַניע ניט אָנגעפֿירט געוואָרן.

אויבנאויפֿיק ווייזן די צוויי פֿאַרענטפֿערונגען אויס צו זיין גאַנץ צופֿרידנ־שטעלנדיק. אָבער ווען מיר באַטראַכטן זיי ערנסט, מוזן מיר קומען צום שלוס, אַז ניט קוקנדיק אַף אַלע תירוצים, וואָס מיר וועלן געפֿינען פֿאַר זיך, איז דאָך די דערשיינונג געווען איינער פֿון די גרעסטע דורכרייסן אין אונדזער אַרבעט. ס'איז אפשר אַ ביסל צו טייער רבי־געלט, אָבער עס לערנט אונדז זייער אַ סך. ערשטנס, לערנט עס אונדז, אַז מיר טאָרן קיינמאָל ניט איבער־חזרן אַזאַ מין סאָרט רעקרוטירן פֿון מיטגלידער. מיר מוזן זייער קלאָר געדענקען, אַז דורכגיין אַ דאָקטאָר־עקזאַמען מיינט נאָך ניט ווערן קיין מיט־גליד אין אָרדן. ערשט נאָכדעם ווי איינער איז דורכגעגאַנגען דעם דאָקטאָר, דאַרפֿן מיר אים אַריינגעמען אין אונדזער משפחה. ער דאַרף זיך דערפֿילן ווי אַ חבר, וואָס קומט אַריין אין אַ גרויסער, פּראַכטפֿולער פֿראַטערנאַלער

משפּחה. מיר דאַרפן אים דערנענטערן צו אונדז, דערציילן אים וועגן די אויפטואונגען פון אונדזער אָרדן, באַקענען אים מיט די פּרינציפּן פון אונדזער אָרדן. ערשט דעמאָלט וועט ער ווערן אַ מיטגליד. דער ניי־רעקרוטירטער דאַרף דערפילן — און מיר שטרייכן אונטער דערפילן — אַז ס'איז אַ יום־טובדיקע געשעעניש אין זיין לעבן, ער האָט צובאַקומען נייע פריינט. זיי פרייען זיך מיט אים. ס'איז זיין יום־טוב, זיין פרייד!

אויב מיר ווילן דאָס ניט פאַרשטיין, טייערע חברים, וועט אונדזער אַרבעט ליידן. וויפיל מי, וויפיל ענערגיע האָט אונדז געקאָסט אַריינצונעמען אָט־די פיר טויזנט מיטגלידער! און נאָך אונדזער גאַנצער אַרבעט, נעמען מיר און מיר לאָזן זיי אַף הפקר.

און דער צווייטער תירוץ: מיר האָבן ניט געפירט קיין מיטגלידער־קאַמפּאַניע אין יאָר 1937. עס איז אמת, אַז מיר האָבן קיין קאַמפּאַניע ניט געפירט. אָבער אַפילו אָן אַ קאַמפּאַניע, איז דען ניט מעגלעך, אַז יעדער ברענטש זאָל אַריינגנעמען כאָטש איין מיטגליד אַ וואָך? שטעלט אייך פאָר, חברים, אַז ווען מיר וואָלטן אַריינגענומען דורכשניטלעך צו איין מיטגליד אַ וואָך אין יעדן ברענטש וואָלטן מיר דאָך געהאַט 250 מיטגלידער אַ וואָך אָדער 13,000 אַ יאָר! עס איז דאָך כמעט ניט שיין צו רעדן וועגן איין מיטגליד אַ וואָך, ווען מיר פאַרמאָגן ברענטשעס מיט 200, 300, 400 און 500 מיטגלידער אין אַ ברענטש. באַרעכנט נאָר, חברים, מיר וואָלטן דאָך געקומען צו אונדזער היינטיקן צוזאַמענפאָר מיט 50,000 מיטגלידער.

מיר האָבן אָנגעפאַנגען דעם קאַפּיטל מיט אָט־דעם דורכרייס, פּשוט דער־פאַר, ווייל מיר פילן, אַז דער דורכרייס האָט ניט געטאָרט פאָרקומען. מיר האָבן געמאַכט אַ באַדייטנדיקן טריט פאָראויס אין דער אידישער סעקציע, אַפן קולטורעלן געביט, אַפן פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכן געביט און אויך אַפן אָרגאַ־ניזאַציאָנעלן געביט. און טאַקע דערפאַר איז דער פאַרדראָס נאָך שטאַרקער. טאַקע דערפאַר דאַרפן מיר אַלאַרמירן דעם גאַנצן אָרדן וועגן דעם. טאַקע דערפאַר דאַרף די פראַגע געבראַכט ווערן צו די ברענטשעס אין איר פולער גרויס. עס איז נויטיק, אַז אונדזער אַקטיוו זאָל זיך אָפּגעבן אַ רעכענונג וועגן אָט־דעם שווערן דורכרייס, לחלוטין ניט פּרואוון אים פאַרדעקן אָדער פאַרענטפערן, און מיר זיינען זיכער, אַז אויב מיר ווילן דאָס טאָן, וועט אונדז דער דורכרייס העלפן בעסער פאַרשטיין ווי מיר דאַרפן יאָ טאָן זאַכן און ווי ניט. ניט פאַרדעקן קיין טעותן, נאָר פון זיי לערנען!

## ווי לעבן אונדזערע ברענטשעס?

באַ אונדזער לעצטן צוזאַמענפאָר האָבן מיר זייער ערנסט דיסקוסירט די פראַגע וועגן ווענדן דאָס אינערלעכע לעבן פון אונדזערע ברענטשעס אַף אַ געזינטערן, מער קאָנסטרוקטיוון און מער פראַטערנאַלן וועג. לאָמיר היינט פעסטשטעלן, אַז ניט־קוקנדיק אַף דעם, וואָס מיר האָבן נאָך אַ סך חסרונות און וואָס עס איז פאַראַן נאָך זייער אַ סך אויסצובעסערן, איז אָבער פאָר־געקומען זייער אַ וויכטיקע ענדערונג אין אונדזער לעבן. אַפילו קעגנער

אונדזערע מוזן היינט צוגעבן, אז ווען מען קומט אריין צו אונדזערן א ברענטש פילט זיך גאר אן אנדער שטימונג. עס הערשט אן אנדערע באציאונג צווישן די מיטגלידער. דער אפאראט ארבעט באדייטנד בעסער. מיר האבן בייגעוואוינט א צאל מיטינגען פון ברענטשעס סיי אין ניו יארק און סיי איבערן לאנד, און אפילו דארט וואו מען האט ניט דורכגעפירט קיין ספעציעלע קולטור־ארבעט, האט זיך דאך געפילט אן אנדער גייסט, אן אנדערע באציאונג. דער מיטינג איז געווען מער צוגעגרייט, בעסער פלאנירט. א גרויסער שאד. וואס מיר קענען דאס ניט זאגן וועגן אלע ברענטשעס.

## דירעקטארן און קעפטען סיסטעם

אויב מיר האבן נאך ניט באוויזן פולשטענדיק צו ענדערן אונדזער אינערלעך לעבן, איז אין דעם הויפטזאכלעך שולדיק דער פאקט, וואס אונדז האט זיך נאך ניט איינגעגעבן צו ארגאניזירן דעם ברענטש־אפאראט ווי געהעריק. גלייך נאך אונדזער לעצטן צוזאמענפאר האט די נאציאנאלע עקזע־קוטיווע געמאכט איינציקע זייער ערנסטע פארזוכן איינצופירן דעם דירעקטארן־פלאן און די קעפטען־סיסטעם. און אויב מיר האבן טיילווייז געהאט דער־פאלג באם איינפירן די דירעקטארן־סיסטעם, האבן מיר אבער זייער ווינציק דערגרייכט אפ דעם געביט פון קעפטען־סיסטעם. נאך מער, אפילו דארט, וואו מיר האבן שוין דורכגעפירט די דירעקטארן־סיסטעם, האבן די ברענ־טשעס נאך אלץ ניט געמאכט קיין פארזוך צו באשטימען אינדיווידועלע פאר־אנטווארטלעכקייטן אפן ארגאניזאציאנעלן און קולטורעלן געביט. א טייל דירעקטארן פלאנטערן זיך נאך איינער דעם אנדערן אונטער די פיס, טראץ דעם וואס מיר האבן זייער קלאר דעפינירט די ארבעט פון די באזונדערע דירעקטארן. און דארט וואו די דירעקטארן פארשטייען שוין זייערע פונקציעס קומט פאר אן אינערלעכער קאמף וועגן דער חשיבות פון יעדער פונקציע, וועגן דעם פלאץ וואס זי דארף פארנעמען אינעם ברענטש. אט קלאגן זיך קולטור־דירעקטארן, אז די פירערשאפט פונעם ברענטש דערלאזט ניט אז די קולטור־פראבלעמען זאלן אויפגענומען ווערן ווי געהעריק. נאך מער קלאגן זיך ליטעראטור־דירעקטארן, אז עס הערשט נאך אלץ ניט די געהעריקע בא־ציאונג צו דער פראגע פון ליטעראטור־פארשפרייטונג.

מיר דארפן נאך באזייטיקן א סך אינערלעכע חסרונות, פונקט ווי מיר האבן באזייטיקט די „פוינטס או‌ו ארדער", די „אפילס צום טשער", און די צענדליקער אנדערע אזעלכע זאכן. וואס פרעסן אויף די צייט פון מיטינגען און די ארגאניזאציעס גופא. מיר מוזן זיך באפרייען פון דעם געדאנק, אז אננעמען א גוטן באשלוס איז די זעלבע זאך ווי אים דורכפירן. זייער אפט בלייבט דער גוטער באשלוס אין פראטאקאל־בוך, און מען טראכט שוין וועגן נייע פראכטפולע פלענער, אנשטאט דעם ווי אזוי דורכצופירן די פריערדיקע פלענער. די גאנצע פירערשאפט מוז ניט רעדן איבער אלע פראגן, וואס דער ברענטש אדער די עקזעקוטיווע פון ברענטש פארהאנדלט. מיר דארפן האבן א ביסל מער גלויבן אין דער ברייטער מיטגלידערשאפט, אין זייער פייאיקייט

דורכצופירן באַשלוסן. צו שנעל באַשליסט די פירערשאַפט פון ברענטש, אַז די אָדער יענע אַקציע קען מען ניט דורכפירן, דערפאַר ווייל מיר האָבן ניט גענוג כחות. ניט גענוג עקשנותדיק זיינען מיר געווען אין אונדזער פאַרזוך אַריינצוברענגען מער אָרגאַניזירטקייט אין דעם ברענטש־לעבן דורך דעם וואָס מיר וואָלטן איינגעפירט דעם דירעקטאָרן־פּלאַן און אָרגאַניזירט די קעפּטען־סיסטעם. ליידער מוזן מיר היינט פעסטשטעלן, אַז ניט נאָר די ברענטשעס, נאָר אפילו די שטאָט־קאָמיטעטן, האָבן באַ די ערשע שוועריקייטן זיך דער־שראָקן.

## ווי אַזוי מיר האָבן דורכגעפירט די דריי מיטגלידער־קאַמפּאַניעס

אין משך פון די דריי יאָר, זינט דעם לעצטן צוזאַמענפאָר, האָבן מיר דורכגעפירט דריי מיטגלידער־קאַמפּאַניעס. איינע אין אָקטאָבער־נאָוועמבער־דעצעמבער 1935, די צווייטע אין אָקטאָבער־נאָוועמבער־דעצעמבער 1936 און די דריטע קאַמפּאַניע, וואָס מיר האָבן איצט אָפּגעשלאָסן.

אויסער די דריי נאַציאָנאַלע קאַמפּאַניעס, וואָס זיינען געפירט געוואָרן פון אַלע שפּראַך־סעקציעס, האָבן מיר דורכגעפירט צוויי קלענערע קאַמפּאַניעס. איינע אין די חדשים יוני און יולי 1935 אין פּענסילוויינע און מאַסאַ־טשוסעטס (גלייך ווי מיר האָבן אין די שטאַטן באַקומען דעם טשאַרטער) און די צווייטע קורצע קאַמפּאַניע אין אַפּריל, מאַי און יוני, 1937, אין קליוולאַנד, פּיטסבורג און דעטרויט. די ערשטע קאַמפּאַניע אין פּענסילוויינע און מאַסאַ־טשוסעטס איז געפירט געוואָרן הויפּטזאַכלעך צווישן פילאַדעלפיע און באָס־טאָן. דאָס איז געווען אַ קורצע ווירקזאַמע קאַמפּאַניע. ביידע שטעט, סיי פילאַדעלפיע און סיי באָסטאָן, האָבן מיט איבערגעבנהייט דערגרייכט דעם מאַקסימום וואָס איז מעגלעך געווען אין יענע זומערדיקע חדשים צו דער־גרייכן. די זיגערן, באָסטאָן, איז געקומען צו אונדזער צוזאַמענפאָר אין 1935 מיט אַרום 500 מיטגלידער. אין אָט דער קורצער צייט האָט זי כמעט פאַר־טאָפּלט איר מיטגלידערשאַפט. פילאַדעלפיע, וועלכע האָט פאַרלאָרן, האָט אָבער אויך אויפגעטאָן זייער אַ סך. זי האָט דערגרייכט אַ 400 נייע מיט־גלידער, און דאָס איז געווען אַ גוואַלדיקער אויפטו אין פילאַדעלפיע. די צווייטע קורצע קאַמפּאַניע האָבן מיר דורכגעפירט אין אַפּריל, מאַי און יוני, 1937, אין די שטעט קליוולאַנד, פּיטסבורג און דעטרויט, אַפן באַזיס פון די גרויסע סטרייקס, וואָס די שטאָל־אַרבעטער יוניאָן האָט דאָרט דורכגעפירט און אַף דער באַזע פון אונדזער אָנטייל אין דעם אויפבוי פון דער „סי. איי. אָ.". אין דער קאַמפּאַניע האָבן מיר ליידער ניט פאַרצייכנט אַזעלכע דערפאָלגן, ווי אין דער פריערדיקער קאַמפּאַניע אין פילאַדעלפיע און אין באָסטאָן.

## די קאַמפּאַניע אין 1935

די ערשטע אַלגעמיינע קאַמפּאַניע איז דורכגעפירט געוואָרן צום סוף פון יאָר 1935. די דריטע קאָנווענשאָן פונעם אָרדן האָט באַשטימט, אַז די

אידישע סעקציע זאָל דערגרייכן 30,000 מיטגלידער ביזן אָנפאַנג יאָר 1936. די קאַמפּאַניע איז געווען אַן אמת פריידיקע, אַ יום־טובדיקע. זי איז דורכגעפירט געוואָרן מיט פיל באַגייסטערונג איבערן גאַנצן לאַנד. מיר האָבן אָפּגעשלאָסן די קאַמפּאַניע מיט נאָענט צו 31,000 מיטגלידער. אָבער אויך אין יענער קאַמפּאַניע האָבן מיר געהאַט אַ צאָל שטעט, וואָס זיינען געבליבן שטאַרק הינטערשטעליק — ווי לאָס אַנדזשעלעס, דעטרויט. ווינציקער הינטערשטעליק זיינען געווען האַרטפאָרד, ניו הייווען, סט. לואיס און באַלטימאָר. עס זיינען אויך געווען מער ווי אַ פּאָר צענדליק קלענערע שטעט, וועלכע האָבן זיך ניט געפונען אין דעם צעטל פון די קאָנצענטראַציע־שטעט און זיינען געבליבן הינטערשטעליק. אויסגעצייכנט האָבן זיך די שטעט ניו יאָרק, שיקאַגאָ, באָסטאָן, קליוולאַנד, אויך פילאַדעלפיע האָט כמעט דערגרייכט איר קוואָטע. אין דער לעצטער וואָך פון דער קאַמפּאַניע האָט די אידישע סעקציע אריינגענומען 2,204 מיטגלידער. דאָס איז געווען אַ דערגרייכונג, וואָס איז אומעטום באַטראַכט געוואָרן מיט גרויס באַוואונדערונג.

צווישן דער קאַמפּאַניע און דער קומענדיקער האָט אָבער געהערשט אַזאַ שטילשטאַנד אין פּרט פון אריינגעמען נייע מיטגלידער, אַז דאָס האָט זיך זייער שלעכט אָפּגערופן אויף דעם ווייטערדיקן וואוקס פון אונדזער סעקציע. מיר זיינען אפילו ניט בכח געווען איינצוהאַלטן אונדזער מיטגלידערשאַפט. אין סעפּטעמבער 1936 זיינען מיר געקומען מיט אַ נעט פאַרלוסט פון אַרום 3,000 מיטגלידער.

## די צווייטע מיטגלידער־קאַמפּאַניע אין 1936

די אַלגעמיינע נאַציאָנאַלע עקזעקוטיווע פונעם אָרדן האָט באַשטימט אַ קוואָטע פון 45,000 נייע מיטגלידער. די אידישע סעקציע האָט געקראָגן אַ קוואָטע פון 11,700. די קאַמפּאַניע איז געפירט געוואָרן מיט אַ שלאָגלערישן טעמפּאָ אינעם גאַנצן אָרדן. די מתנה פון אַ רייזע אין סאָוועטן־פאַרבאַנד האָט אַרויסגערופן גוואַלדיקע באַגייסטערונג צווישן אַ גרויסער צאָל מיטגלידער. דער גאַנצער אָרדן האָט אין דער קאַמפּאַניע דערגרייכט 30,460 דערוואַקסענע און 7,235 קינדער מיטגלידער. די אידישע סעקציע האָט דערגרייכט איבער אַ דריטל פון דער אַלגעמיינער צאָל דערוואַקסענע, 10,418 נייע מיטגלידער. אמת, פון די 10,000 האָט די אידישע סעקציע אריינגענומען אַרום 3,000 מיטגלידער פאַר אַנדערע שפּראַך־סעקציעס אינעם אָרדן, הויפּטזאַכלעך פאַר דער ענגלישער סעקציע. אָבער איבער 7,000 נייע מיטגלידער האָבן מיר דערגרייכט פאַר דער אידישער סעקציע גופא. די גרעסטע געווינערן אין אָט־דער קאַמפּאַניע איז געווען שיקאַגאָ. אָבער אויך ניו יאָרק האָט דערגרייכט אַ באַדייטנדיקע צאָל נייע מיטגלידער. די אידישע סעקציע האָט אָפּגעשלאָסן די קאַמפּאַניע מיט איבער 34,000 מיטגלידער נעט. מיר האָבן ניט נאָר גוטגעמאַכט די שווערע פאַרלוסטן וואָס מיר האָבן געהאַט אין די פריערדיקע 8 חדשים, נאָר מיר זיינען אַרויסגעקומען מיט אַרום 4,000 נעט געווינס.

מיר האָבן שוין פריער דערציילט וועגן דעם גרויסן פאַרלוסט פון מיט־

גלידער אין דער צווישן־צייט, צווישן דעם שלום פון דער קאַמפּאַניע אין 1936 און דעם אָנפאַנג פון דער קאַמפּאַניע אין 1937. מיר ווילן דאָ בלויז צוגעבן, אַז דער פאַרלוסט טאָר ניט צוגעשריבן ווערן אינגאַנצן אַפן חשבון פון די מעטאָדן פון רעקרוטירונג אין דער קאַמפּאַניע. מיר דאַרפן צוגעבן, אַז אונ־דזער אָרגאַניזאַציע־אַפּאַראַט איז ניט געווען בכח, איז ניט געווען צוגעגרייט צו פאַרדייען אַזאַ גרויסע צאָל נייע מיטגלידער אין אַזאַ בערך קורצער צייט. אַ גרויסע צאָל ברענטשעס האָבן דורכגעפירט יום־טובים אין דער קאַמפּאַניע. ברענטשעס האָבן געפייערט די דערגרייכונג פון 50 נייע מיטגלידער, 100 נייע מיטגלידער, און אַז מיר האָבן באַ אַזאַ פייערונג אַמאָל געפרעגט די פירער פונעם ברענטש, וויפיל פון די 50 מחותנים, וועמעס שמחה זיי פייערן היינט, זיינען פאַראַן צום היינטיקן יום־טוב, האָט מען זיך אַרומגעקוקט אין אַלע זייטן און מען האָט קוים אָפּגעציילט 4. אַזעלכע חתונות אָן מחותנים זיינען גאָרניט געווען קיין זעלטנקייט. פון דעם טאָר מען ניט ציען קיין פאַלשן שלום — אַז מיר דאַרפן אויפהערן פירן קאַמפּאַניעס און אַרייננעמען גרויסע מאַסן מיטגלידער. ניין, חברים, דאָס דאַרף אונדז לערנען, אַז מיר דאַרפן ענדערן אונדזערע מעטאָדן פון אַסימילירן נייע מיטגלידער.

## די לעצטע קאַמפּאַניע

לאָמיר זיך, חברים, מודה זיין, אַז פון אַלע קאַמפּאַניעס וואָס מיר האָבן דורכגעפירט איז די לעצטע געווען די שוואַכסטע. די פאָר־קאַמפּאַניע אין די חדשים אָקטאָבער, נאָוועמבער און דעצעמבער האָט זיך אינגאַנצן ניט גערירט פון פּלאַץ. אָבער אויך די קאַמפּאַניע אין יאַנואַר, פעברואַר און מערץ האָט זיך געצויגן אָן שוואונג. עס האָט געפעלט יענע באַגייסטערונג, וואָס מיר פלעגן אַריינטראָגן אין די קאַמפּאַניעס. קיין איין און איינציקע שטאָט האָט אין דער קאַמפּאַניע ניט דערגרייכט די פולע 100 פּראָצענט. שיקאַגאָ, וועלכע האָט געפירט די קאַמפּאַניע יום־טובדיקער און בעסער, ווי וועלכע עס איז אַנדער שטאָט איבערן לאַנד, האָט דערגרייכט 82.4 פּראָצענט. לאָס אַנדזשע־לעס, די צווייטע בעסטע שטאָט פון לאַנד, האָט דערגרייכט 75.8 פּראָצענט. אונדזער גרעסטער און וויכטיקסטער צענטער, ניו יאָרק, האָט אַריינגענומען אַ קלענערע צאָל מיטגלידער ווי אין וועלכער עס איז קאַמפּאַניע אין די לעצטע דריי יאָר. זי האָט אַריינגענומען בלויז 3,755 נייע מיטגלידער אַף אַ קוואָטע פון 6,500, דערגרייכנדיק קוים 64 פּראָצענט. די רעזולטאַטן אין די אַנדערע שטעט זיינען נאָך ערגער — אַפילו קיין 50 פּראָצענט ניט דערגרייכט. באָסטאָן — 48.7 פּראָצענט, פילאַדעלפיע — 44.4 פּראָצענט, דעטרויט — 44 פּראָ־צענט, פּיטסבורג — 39 פּראָצענט, נוארק — 24.8 פּראָצענט און קליוולאַנד — 23.3 פּראָצענט.

וואָס זיינען די הויפּט־סיבות פאַר אָט־דער שוואַכער מיטגלידער־קאַמ־פּאַניע? 1) דער פאַקט, וואָס אינעם גאַנצן אָרדן איז די קאַמפּאַניע ניט גע־גאַנגען גוט, האָט אָן ספק געהאַט אַ ווירקונג אויך אַף דער אידישער סעקציע. (דער גאַנצער אָרדן האָט דערגרייכט 50 פּראָצענט פון דער קוואָטע.)

2) אונדזער אַקטיוו האָט ניט געגלויבט אין דער מעגלעכקייט פון אַ דערפאָלג־רייכער קאַמפּאַניע. ערשט אין די לעצטע וואָכן איז אונדז אויסגעקומען צו הערן פון אַ צאָל זייער וויכטיקע טוער, אַז ערשט איצט זעען זיי איין, אַז מיר האָבן געקענט דערגרייכן אונדזער קוואָטע, אָבער אין אָנפאַנג פון דער קאַמפּאַניע האָבן זיי די מעגלעכקייטן ניט געזען. 3) מען קען ניט דורכפירן מיט דערפאָלג קיין קאַמפּאַניע דערמיט וואָס מען האַלט אין איין רעדן וועגן איר, אין איין ציילן אַפּליקאַציעס. די קאַמפּאַניע קען זיין דערפאָלגרייך בלויז דעמאָלט, ווען עס גיט זיך אונדז איין אויפצולעבן דעם ברענטש, פאַרבינדן די קאַמפּאַניע מיט אונדזערע פּראַייניקטע און פאָלקס־פראָנט אַקציעס, מיט אונדזער גאַנץ קולטורעל לעבן. און אויב שיקאַגאָ האָט דערגרייכט איבער 82 פּראָצענט ביז אָנפאַנג אַפּריל, איז דאָס געווען בלויז דערפאַר, ווייל דאָרטן איז אַריינגעטראָגן געוואָרן מער יום־טובדיקייט און זי איז ענגער פאַרבונדן געוואָרן מיט דער קולטור־טעטיקייט. דער פאַקט, וואָס אין שיקאַגאָ איז היינטיקן ווינטער געטאָן געוואָרן מער קולטור־אַרבעט ווי ווען עס איז פריער, האָט אין אַ גרויסער מאָס ביי געטראָגן אויך צו דער מיטגלידער־קאַמפּאַניע, לייכטער געמאַכט אַריינגעמען נייע מיטגלידער.

ניין, חברים, מיר ווילן ניט מינימיזירן דעם אויפטו פון אַריינגעמען 6,558 מיטגלידער אין אַזאַ קורצער צייט. אָבער מיר ווייסן די מעגלעכקייטן פון אונדזער אָרדן, מיר קענען די איבערגעגעבנקייט פון אונדזער אַקטיוו און מיר ווייסן, אַז די רעזולטאַטן וואָלטן געווען אינגאַנצן אַנדערע, ווען מיר וואָלטן אָנגעווענדט אַט־די מעטאָדן, וועגן וועלכע מיר האָבן גערעדט.

## שטאַטישע און דיסטריקט פּלענאַרע זיצונגען

אין פאַרלויף פון די לעצטע דריי יאָר האָבן מיר, פּונקט ווי אין די פריערדיקע יאָרן, צוזאַמענגערופן איינמאָל אין יאָר פּלענאַרע דיסטריקט קאָנ־פערענצן אין די וויכטיקסטע צענטערן פון לאַנד. די קאָנפערענצן האָבן פון יאָר צו יאָר פאַרנומען אַלץ אַ וויכטיקערע פּאָזיציע אין דעם לעבן פון אונדזער אָרדן. עס איז געווען גענוג צו פאַרגלייכן די באַריכטן פון די שטאַטישע קאָמיטעטן, די דיסקוסיעס און די באַשלוסן פון די פּלענאַרע זיצונגען אין 1933 און אין 1937, אַז מיר זאָלן איינזען דעם גרויסן שריט פאָרויס, וואָס אונדזער אָרדן האָט געמאַכט.

בלויז צום סוף פון יאָר 1937 האָבן מיר ניט גערופן קיין פּלענאַרע זיצונגען, ווייל מיר האָבן זיך געגרייט צו די דיסטריקט־קאָנפערענצן, וואָס האָבן געדאַרפט דערוויילן דעלעגאַטן צו דעם איצטיקן צוזאַמענפאָר, און מיר האָבן ניט געוואָלט צעפּיצלען די אַרבעט. די דיסטריקט־קאָנפערענצן האָבן דערצו הויפּטזאַכלעך געדאַרפט אויפנעמען די אַלגעמיינע פּראָבלעמען פון צוזאַמענפאָר. אַזוי, אַז מיר האָבן שוין במילא אויך אָפּגעלייגט דאָס אויס־קלייבן נייע דיסטריקט און שטאָט קאָמיטעטן ביז נאָכן צוזאַמענפאָר. די אַריינקומענדיקע נאַציאָנאַלע עקזעקוטיווע, וואָס וועט דערוויילט ווערן באַם איצטיקן צוזאַמענפאָר, וועט האָבן פאַר זיך די ערשטע אויפגאַבע צו רופן

אַט־די שטאַטישע פּלענאַרע זיצונגען. זיי וועלן האָבן פאַר זיך צוויי הויפּט־פּראָבלעמען: 1) ווי אַזוי דורכצופירן די באַשלוסן פונעם איצטיקן צוזאַמענפאָר, און 2) דערווייטערן אַ נייע פירערשאַפט.

## נאַציאָנאַלער פּלענום

פאַראַיאָרן זומער איז קלאָר געוואָרן פאַר דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיווע, אַז עס האָט זיך אָנגעקליבן אַ באַדייטנדע צאָל וויכטיקע פּראָבלעמען, וואָס מוזן אויפגענומען ווערן מיט אונדזער פירערשאַפט איבערן גאַנצן לאַנד. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז עס הערשט אַ צעמישעניש בײַ אַ טייל טוער איבער אַ סך וויכטיקע פּראָבלעמען, וואָס שטייען פאַר אונדזער אָרגאַניזאַציע. די פראַגע פון דער ראָל פון אונדזער אָרדן אין דער אַרבעטער־באַוועגונג איז נאָכאַמאָל אויפגעשוואומען אין איר גאַנצער גרויס. אַ צאָל פירנדיקע חברים אין אונדזער אָרגאַניזאַציע האָבן אָנגעהויבן צוזאַמענצומישן די סעקטאַנטישע מעטאָדן מיט דער פּרינציפּיעלער ליניע פון אונדזער אָרדן. אָנשטאָט צו זוכן וועגן און מיטלען ווי אַזוי צו באַזייטיקן אַט־די סעקטאַנטישע ליניע, האָט מען אָנגעהויבן רעדן אַז די קלאַסן־ליניע איז שולדיק אין אַלע אונדזערע שוואַכקייטן און חסרונות. מיר דאַרפן צופּאַסן אונדזער פּראָגראַם צו די נייע, נאָך ניט באַוואוסטזיניקע עלעמענטן. אַט אַזעלכע שטימען האָבן מיר אָנגעהויבן הערן פון אַ צאָל אָנפירנדיקע חברים.

אין דעם נאַציאָנאַלן פּלענום האָבן זיך באַטייליקט ניט נאָר די מיטגלידער פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיווע, נאָר אויך אַלע מיטגלידער פון ניו יאָרקער שטאָט קאָמיטעט, און פאַרטרעטער פון די וויכטיקסטע שטאָטישע און דיסטריקט קאָמיטעטן איבערן לאַנד. די נאַציאָנאַלע עקזעקוטיווע האָט בײַ דעם פּלענום געהאַלטן פאַר נייטיק אַוועקצושטעלן אַט־די פראַגע אַלס אַ צענטראַלן פּונקט אויף דער טאָג־אָרדענונג. עס איז פאָרגעקומען זייער אַ ברייטע דיסקוסיע איבער דעם און מיר האָבן נאָכאַמאָל פעסטגעשטעלט די ריכטיקע פאָרמולירונג פון אונדזער ערשטן צוזאַמענפאָר, אַז אונדזער אָרדן וועט אויף אַזויפיל וואַקסן, בליען און זיך אַנטוויקלען, אויף וויפיל ער וועט זיין אַ טייל פונעם קלאַסן־פראָנט אין אַמעריקע. וואָס גרעסער עס וועט זיין די ראָל, וואָס מיר וועלן שפּילן אין העלפן בויען די „סי. איי. אָ." יוניאָנס, אין העלפן אויפבויען אַ „לייבאָר־פּאַרטיי" א. אַז. וו., אַלץ אַ גרעסערער און וויכטיקערער פאַקטאָר וועלן מיר ווערן אין דער פּראָגרעסיווער באַוועגונג, אַלץ מער וועלן מיר וואַקסן.

דער פּלענום האָט פעסטגעשטעלט, אַז מיר האָבן ביז איצט צוגעצויגן ברייטע מאַסן צו אונדזער אָרדן, ניט נאָר דערפאַר וואָס מיר גיבן זיי די גרעסטע בענעפיטן פאַר די קלענסטע צאָלונגען וואָס זיינען מעגלעך, נאָר אויך דורך דעם, וואָס די ברייטע מאַסן האָבן אין אונדז געזען איינעם פון די פּראָגרעסיווסטע פראַטערנאַלע אָרדנס אין אַמעריקע, וואָס האָט אַ פּאָזיטיוון צוגאַנג צו די אָנגעווייטיקטע פּראָבלעמען פון די מאַסן דאָ אין לאַנד. אָנשטאָט צו פאַרמינערן אונדזער טעטיקייט אין געזעלשאַפטלעכן לעבן אין לאַנד,

דאַרפן מיר, פאַרקערט, ווייטער פאָרזעצן און פאַרשטאַרקן יענע ריכטיקע טאַקטיק. אונדזער אָרגאַניזאַציע דאַרף שפּילן נאָך אַ גרעסערע ראָל, באַזונדערס אין דער איצטיקער צייט, ווען דער קאַמף צווישן פּראָגרעס און רעאַקציע איז געוואָרן נאָך מער פאַרשאַרפט, איז געוואָרן אַ קאַמף אויף לעבן און טויט. אונדזער סעקציע דאַרף זיך פאַרבינדן מיט די פּראָגרעסיווע עלעמענטן אויף אַלע געביטן פון אידישן לעבן. ווען מיר וועלן דאָס טאָן, וועלן זיך פאַר אונדז עפענען נאָך נייע אומדערשעפּלעכע קוואַלן צווישן די ברייטע אידישע מאַסן. מיר דאַרפן אונדזער פּראָגראַם ניט צופּאַסן צו די אומבאַוואוסטזיניקע, אומאַנטוויקלטע מיטגלידער, נאָר, פאַרקערט, מיר דאַרפן אָט־די אומבאַוואוסטזיניקע, אומאַנטוויקלטע מיטגלידער לערנען, דערציען און זיי אויפהויבן צו אונדזער פּראָגראַם. וואָס מער מיר וועלן זיך באַטייליקן אין געזעלשאַפטלעכן לעבן פון די אידישע מאַסן, אַלץ שנעלער וועלן די היינטיקע אומבאַוואוסטזיניקע און אומאַנטוויקלטע ווערן די מאָרגנדיקע וואַרעמע פריינט און טוער פונעם אָרדן.

אָט־דער נאַציאָנאַלער פּלענום האָט געשפּילט זייער אַ וויכטיקע ראָל אין אויפקלערן און אריינטראָגן אַ סך ליכט אין אָט־דער פראַגע און נאָכאַמאָל פעסטשטעלן אונדזער פּרינציפּיעלע פּאָליטישע באַזע. דער פּלענום האָט זיך אויך זייער אַ סך באַשעפטיקט מיט אונדזער ארבעט אויפן געביט פון בויען דעם פאָלקס־פראָנט, אונדזער קולטור־ און שול־ארבעט און בכלל ווי צו פאַרבעסערן די שלעכטע מעטאָדן פון אונדזער אַרבעט. עס איז אָן שום ספק, אַז אַ סך פון אונדזערע דערגרייכונגען האָבן מיר צו פאַרדאַנקען דעם פּלענום, וואָס איז פאָרגעקומען אין נאָוועמבער 1937, און וואָלט ער פאָרגעקומען פריער וואָלטן אונדזערע דערגרייכונגען געווען גרעסערע. עס איז אונדזער מיינונג, אַז אַ נאַציאָנאַלער פּלענום דאַרף גערופן ווערן צווישן צוזאַמענפאָרן, באַ וועלכן עס זאָלן אויפגענומען ווערן די פּראָבלעמען, וואָס שווימען ארויף אין דער צווישנצייט.

## דער צושטאַנד פון די שטעט

עס איז ניט מעגלעך אין אָט־דעם באַריכט זיך אָפּצושטעלן גענוי אויף דעם צושטאַנד פון אַלע צענטערן איבערן לאַנד. מיר דערוואַרטן, אַז די חברים פון די שטעט וועלן אָפּגעבן גענויע באַריכטן וועגן זייער ארבעט, כדי מיר זאָלן קענען האָבן אַ פולשטענדיק בילד פון די שטעט. מיר ווילן בלויז געבן אייניקע ציפערן און ארויסרוקן אַ פּאָר שוואַכע פּונקטן אין דער ארבעט פון אונדזערע שטאָט־קאָמיטעטן.

### ניו יאָרק

לאָמיר צוערשט נעמען אונדזער גרעסטן צענטער, ניו יאָרק, וועלכער פאַרמאָגט כמעט צוויי דריטל פון דער מיטגלידערשאַפט פון דער אידישער סעקציע. צו דער לעצטער קאָנווענשאָן האָט ניו יאָרק פאַרמאָגט 14,082 מיטגלידער. צו דער היינטיקער קאָנווענשאָן קומט ניו יאָרק מיט 22,456

מיטגלידער. ווי איר זעט, חברים, איז דאָס אַ וואוקס פון איבער 8,000 מיט־גלידער. ווען מיר גיבן נאָך צו, אַז ניו יאָרק האָט געליטן פון דער שטרייק־מגפה ניט ווינציקער ווי אַלע אַנדערע שטעט פון לאַנד, וועלן מיר מוזן אָנערקענען, אַז די דערגרייכונגען אין אונדזער ניו יאָרקער אָרגאַניזאַציע זיינען זייער וויכטיקע. אָבער וועגן נאָך באַדייטנדיקערע, נאָך וויכטיקערע דערגרייכונגען קענען מיר דערציילן אַף אַנדערע געביטן. 2,200 סטודענטן, מיטגלידער פון ניו יאָרקער ברענטשעס, האָבן זיך אין די דריי יאָר געלערנט אין אידישן אַרבעטער־אוניווערזיטעט. דאָס איז אַן אויפטו, וואָס די דעלע־גאַטן דאַרפן נעמען פאַר אַ ביישפּיל. לאָמיר נאָך צוגעבן, אַז ניו יאָרק האָט לעצטנס איינגעשטעלט אַ קולטור־דעפּאַרטמענט, מיט אַ באַצאָלטן קולטור־דירעקטאָר, חבר יוקלסאָן, וואָס האָט זייער פיל געהאָלפן צו פאַרבעסערן און צו סטימולירן די קולטור־אַרבעט אין די ברענטשעס.

ניו יאָרק האָט אָבער אויך אַ צאָל דורכרייסן, דורכרייסן אַפן קולטורעלן געביט, וועגן וועלכע מיר וועלן רעדן אין דעם קאַפּיטל וועגן אונדזער קולטור־אַרבעט. מיר וועלן דאָ אָנווייזן בלויז אַף איין אָרגאַניזאַציאָנעלן דורכרייס. ניו יאָרק האָט אין די לעצטע דריי יאָר ניט באַוויזן צו רעאָרגאַניזירן אַ באַ־דייטנדערע צאָל ברענטשעס אַף אַ טעריטאָריעלער באַזע. אין זיין פאַרזוך איבערצובויען די שטאָט אַף אַ דיסטריקט־מאַסשטאַב האָט דער ניו יאָרקער שטאָט־קאָמיטעט פאַרזען די דאַון־טאַונער ברענטשעס, וועלכע פאַרמאָגן אַלע צוזאַמען אַרום 10,000 מיטגלידער. אָט די פאַרנאַכלעסיקונג האָט געקאָסט דעם שטאָט־קאָמיטעט זייער טייער, באַזונדערס אין דער לעצטער מיטגלידער־קאַמפּאַניע.

## שיקאַגאָ

שיקאַגאָ איז געקומען צו אונדזער לעצטן צוזאַמענפאָר מיט 2,253 מיטגלידער. היינט פאַרמאָגט זי אַרום 3,480 מיטגלידער. ווי איר זעט, האָט שיקאַגאָ פּראָפּאָרציאָנעל דערגרייכט ניט מער ווי ניו יאָרק, ניט קוקנדיק אַף דעם וואָס זי האָט דורכגעפירט דריי גלענצנדע קאַמפּאַניעס און איז אַרוים די געווינערן די לעצטע צוויי יאָר. פון וואַנען נעמט זיך דאָס? אין דעם זומער גלייך נאָך אונדזער לעצטן צוזאַמענפאָר האָט שיקאַגאָ פאַרלוירן איבער 600 מיטגלידער. דאָס האָט כמעט אָפּגעווישט די דערגרייכונגען פון דער פריער־דיקער קאַמפּאַניע. שיקאַגאָ האָט אויך געליטן שווערע פאַרלוסטן אין יאָר 1937.

דער שיקאַגער שטאָט־קאָמיטעט האָט געליטן פון אַ שווערער חולאת. קולטור־אַרבעט איז דאָרט געווען פאַררעכנט ווי אַן איבעריקע זאַך. עס פרייט אונדז אָבער צו באַריכטן צום היינטיקן צוזאַמענפאָר, אַז האַיאָר איז פאָר־געקומען אַ גרויסע ענדערונג אַף דעם געביט און אַז דער גאַנצער אַקטיוו, צוזאַמען מיט חבר גראָספעלדן, האָט בייגעטראָגן צו מאַכן אָט־די וויכטיקע ענדערונג. אין שיקאַגאָ איז אויפגעבויט געוואָרן דער אידישער אַרבעטער־אוניווערזיטעט. איבער 100 סטודענטן האָבן דאָרט האַיאָר געלערנט. די שיקאַגער חברים וועלן אָבער מוזן מאַכן אַן ערנסטע אָנשטרענגונג צו באַ־

זייטיקן די שוואַכקייטן פון אַ צאָל ברענטשעס סיי אַפן קולטורעלן און סיי אַפן אָרגאַניזאַציאָנעלן געביט.

## פילאַדעלפיע

אויב מיר זאָלן פאַרגלייכן די מיטגלידערשאַפט פון פילאַדעלפיע באַם לעצטן צוזאַמענפאָר און איצט וועט עס אויסזען, אַז פילאַדעלפיע האָט דער־גרייכט פּראָפּאָרציאָנעל מער ווי וועלכע עס איז אַנדערע שטאָט. דאָס וואָלט אָבער ניט געווען יושרדיק צו די אַנדערע שטעט, ווייל פילאַדעלפיע האָט זיך ניט באַטייליקט אין דער פאַר־קאָנוועגשאַן קאַמפּאַניע צוליב לעגאַלע מאָטיוון, און האָט דעריבער אָנגעפירט אַ ספּעציעלע קאַמפּאַניע גלייך נאָך דער קאָנ־ווענשאָן. אַזוי אַז מיר וועלן ניט מאַכן קיין פאַרגלייך מיט דער צאָל, וואָס פילאַדעלפיע האָט פאַרמאָגט באַם צוזאַמענפאָר — 1,164 — נאָר מיט דער צאָל, וואָס זי האָט פאַרמאָגט דעם 1טן אָקטאָבער — 1,454 — נאָך דער ספּעציעלער קאַמפּאַניע. היינט פאַרמאָגט פילאַדעלפיע 2,096 מיטגלידער. פילאַדעלפיע וואָלט פאַרצייכנט פיל גרעסערע דערפאָלגן אַפן געביט פון בויען דעם אָרדן, ווען זי וואָלט ניט פאַרמאָגט עטלעכע ספּעציעלע שוואַכקייטן. ערשטנס, דאָס לעבן אין די פילאַדעלפיער ברענטשעס איז פיל ערגער ווי אין וועלכער עס איז שטאָט איבערן לאַנד. דער באַזוך פון די מיטגלידער צו די ברענטש־מיטינגען איז אַן אויסערגעוויינלעך קליינער. צווייטנס, פילאַדעלפיע האָט, אין פאַרגלייך מיט אַנדערע שטעט, פּראָפּאָרציאָנעל אריינגעצויגן דעם קלענסטן אַקטיוו אין דער אַרבעט פון בויען דעם אָרדן. פילאַדעלפיע האָט זיך ווינציק אויסגעברייטערט אין שטאָט. בלויז איין און איינציקער נייער ברענטש איז דאָרט צוגעקומען אין משך פון די דריי יאָר. קיין איין טרייד־ברענטש איז ניט אָרגאַניזירט געוואָרן, כאָטש די מעגלעכקייטן זיינען דאָרט גרעסערע ווי אין אַנדערע שטעט. ניט קוקנדיק אַף דעם, וואָס אַן אַנדער פּראָטערנאַלע אָרגאַניזאַציע, אומבאַדייטנד אין פאַרגלייך מיטן אָרדן, האָט אריינגעצויגן דאָרט אַ צאָל לאַנדסמאַנשאַפטן, האָט פילאַדעלפיע ניט באַוויזן אריינצונעמען קיין איין לאַנדסמאַנשאַפט־אָרגאַניזאַציע.

עס פאַרשטייט זיך, אַז פילאַדעלפיע האָט אויך זייער וויכטיקע דער־גרייכונגען. זי האָט דורכגעפירט אייניקע באַדייטנדיקע אַקציעס אַפן געביט פון בויען דעם פאַראייניקטן פראָנט, אַפן קולטורעלן געביט, אָבער דאָס לאָזן מיר איבער פאַר פילאַדעלפיע צו דערציילן.

## באָסטאָן

באָסטאָן געפינט זיך אין דער זעלבער לאַגע ווי פילאַדעלפיע, אין פּרט פון פאַרגלייכן די צאָל מיטגלידער פונעם לעצטן צוזאַמענפאָר ביז איצט. און דעריבער וועלן מיר נעמען דעם אָקטאָבער־ציפער. צום ערשטן אָקטאָבער 1935 האָט באָסטאָן פאַרמאָגט 1,070 מיטגלידער. היינט צו טאָג פאַרמאָגט זי 1,526 מיטגלידער. אמת, צו דעם לעצטן צוזאַמענפאָר איז באָסטאָן

געקומען מיט בלויז 548 מיטגלידער. און אויב מיר זאָלן אָנפאַנגען אונדזער רעכענונג פון יענער זייט אָן, וועט דער וואוקס אויסזען גאַנץ באַדייטנדיק. אָבער די באָסטאָנער חברים דאַרפן באַטראַכטן די ציפערן אין דעם זעלבן ליכט ווי מיר באַטראַכטן זיי און דעמאָלט וועלן זיי פאַרשטיין, אַז באָסטאָן, וועלכע איז איינע פון די פעסטונגען פון אַנדערע אידישע פראַטערנאַלע אָרגאַניזאַציעס, איז נאָך אַלץ דער שוואַכסטער פונקט אין אונדזער אַרבעט. באָסטאָן פאַרמאָגט אויך אַ גרויסע צאָל פון די זעלבע מעלות און חסרונות, וואָס מיר האָבן אויסגערעכנט פאַר די אַנדערע שטעט.

## לאָס אַנדזשעלעס

לאָס אַנדזשעלעס האָט פאַרמאָגט באַ אונדזער לעצטן צוזאַמענפאָר 949 מיטגלידער. פון דער צאָל דאַרף מען נאָך אַרונטערנעמען 100 מיטגלידער, וועלכע זיינען באַלד נאָך דעם צוזאַמענפאָר אַרויסטראַנספערירט געוואָרן אין אַנדערע סעקציעס. איצט פאַרמאָגט לאָס אַנדזשעלעס 1,352 מיטגלידער. פאַר לאָס אַנדזשעלעס איז דאָס אַ גוואַלדיקע דערגרייכונג. לאָמיר פאַרגלייכן לאָס אַנדזשעלעס מיט קליוולאַנד —ביידע שטעט האָבן די זעלבע צאָל אידן: אין קליוולאַנד פאַרמאָגן מיר בלויז 538 מיטגלידער, בשעת אין לאָס אַנדזשעלעס האָבן מיר 1,352 מיטגלידער. אָן איבערטרייבונג קענען מיר זאָגן, אַז לאָס אַנדזשעלעס איז איינע פון די בעסטע שטעט, וואָס די אידישע סעקציע פאַרמאָגט. אין לאָס אַנדזשעלעס איז אין די לעצטע יאָרן, מיט דער אַקטיווער מיטהילף פון אונדזער אָרדן, אויפגעבויט געוואָרן דער ברייטסטער פאַראייניקטער פראָנט, דער ברייטסטער פאָלקס־פראָנט אין לאַנד. דער אָרדן גופא איז געוואָרן גאָר אַ וויכטיקער געזעלשאַפטלעכער און קולטורעלער כח צווישן די ברייטע אידישע מאַסן.

נאַטירלעך טאָרן אונדזערע לאָס אַנדזשעלעסער חברים ניט פאַרשיכורט ווערן פון זייערע דערפאָלגן. זיי דאַרפן געדענקען, אַז עס זיינען נאָך אַלץ פאַראַן טויזנטער וועלכע דאַרפן און קענען געהערן צו אונדז, אַז עס איז נאָך דאָ גענוג פלאַץ פאַר אויסברייטערן דעם פאָלקס־פראָנט, און אַז דער אָרדן קען פאַרנעמען נאָך אַ מער אָנגעזעען פלאַץ ווי ביז איצט.

## פיטסבורג, קליוולאַנד און דעטרויט

די לעצטע דריי יאָר האָבן מיר אַוועקגעגעבן אַ סך ענערגיע אויפצובויען די דריי שטעט. מיר מוזן זיך אָבער מודה זיין, אַז וואָס אָנבאַלאַנגט דעטרויט און קליוולאַנד האָבן מיר קיין צו גרויסן דערפאָלג ניט געהאַט. דעטרויט האָט פאַרמאָגט באַ דער לעצטער קאָנווענשאָן 585 מיטגלידער און פאַרמאָגט היינט 710 מיטגלידער. ווי איר זעט, זייער אַ קליינער צוואוקס. כמעט אין דעם זעלבן צושטאַנד איז קליוולאַנד. קליוולאַנד האָט פאַרמאָגט צום לעצטן צוזאַמענפאָר 466 מיטגלידער און היינט פאַרמאָגט זי 548 מיטגלידער. קליוולאַנד האָט דורכגעפירט בלויז איין זייער דערפאָלגרייכע קאַמפּאַניע, מיט דריי יאָר צוריק, און זינט דאַן שטייט זי כמעט אױף אַן אָרט. ניט קוקנדיק אױף דעם,

וואָס אין שטאָט געפינט זיך זייער אַ גרויסע צאָל גוטע און פּאַסיקע חברים, איז דער שטאָט־קאָמיטעט נאָך אַלץ ניט קיין פירנדיקע קערפּערשאַפט. אין אַ ביסל אַ בעסערן צושטאַנד אַף דעם געביט איז דעטרויט, אָבער ניט פיל בעסער.

דערפּאַר קענען מיר זיך באמת פרייען מיט די דערגרייכונגען אין פּיטס־בורג. פּיטסבורג האָט באַם לעצטן צוזאַמענפאָר פאַרמאָגט 2 ברענטשעס און 121 מיטגלידער. היינט פאַרמאָגט פּיטסבורג 5 ברענטשעס מיט 489 מיט־גלידער. ווען מען געדענקט נאָך, אַז די פּיטסבורגער חברים האָבן שוין געהאַט באַטראַכט זייער שטאָט פאַר אויסגעשפּילט, און אַז אפילו מיר אַליין האָבן שוין כמעט אויך אָנגעהויבן גלייבן, אַז מיר האָבן אויסגעשעפּט אונדזערע מעגלעכקייטן אין דער שטאָט, ווערט די דערגרייכונג נאָך גרעסער. נאָך דער לעצטער קאָנוועגשאָן האָבן מיר באַשלאָסן: ניין, מיר דאַרפן שענקען אַ ביסל מער אויפמערקזאַמקייט און לאָמיר זען צי מען קען דאָרט ענדערן די לאַגע. און היינט קענען מיר באַגריסן די פּיטסבורגער חברים מיט זייער דערפּאָלג־רייכער אַרבעט אין בויען דעם אָרדן. פּיטסבורג איז אויך די צווייטע שטאָט נאָך לאָס אַנדזשעלעס, וועלכע האָט דורכגעפירט ברייטע פאַראייניקטע פראָנט אַקציעס. דער אָרדן איז פּאָפּולער אין שטאָט, ער פאַרנעמט אַ חשובן פּלאַץ צווישן די אידישע מאַסן.

פון דער צווייטער קאַטעגאָריע שטעט, נאָך דעטרויט, קליוולאַנד און פּיטסבורג, קומען נוארק, האַרטפאָרד, און סט. לואיס. אויך נוארק איז טייל־ווייז געוואַקסן. פון 377 מיטגלידער, וואָס נוארק האָט פאַרמאָגט צום לעצטן צוזאַמענפאָר, קען זי איצט באַריכטן 534 מיטגלידער. אָבער נאָך וויכטיקער איז דער פאַקט, וואָס דער גאַנצער שטאָט ניו דזשוירזי איז אויס־געוואַקסן פון אַרום 1,000 מיטגלידער באַם לעצטן צוזאַמענפאָר ביז 1,400 מיטגלידער היינט צו טאָג. דאָס איז אַ דערגרייכונג, וואָס קען טיילווייז צוגעשריבן ווערן צו דעם פאַקט, וואָס די ניו דזשוירזיער חברים האָבן אָנ־געהויבן שפּילן אַ וויכטיקע ראָל אין שטאָט אין בויען דעם פאָלקס־פראָנט און אַפן קולטורעלן געביט. וואָלטן מיר אין נוארק און אין גאַנץ ניו דזשוירזי פאַרמאָגט אַ ביסל אַן אַקטיווערן אַפּאַראַט, אַן אַקטיווערן שטאָטישן און דיסטריקט קאָמיטעט, וואָלן מיר געהאַט נאָך מער דערגרייכט.

אויך האַרטפאָרד האָט זיך אַ רוק געטאָן גאַנץ באַדייטנדיק פאָרויס. לויט איר אידישער באַפעלקערונג האָט די שטאָט געדאַרפט אָבער פאַרצייכענען גרעסערע דערפאָלגן אין די דריי יאָר. האַרטפאָרד האָט פאַרמאָגט באַם לעצטן צוזאַמענפאָר 210 מיטגלידער און היינט פאַרמאָגט זי 352 מיטגלידער.

אין זייער אַ שלעכטן צושטאַנד געפינט זיך סט. לואיס. געקומען איז סט. לואיס צום לעצטן צוזאַמענפאָר מיט 198 מיטגלידער און היינט האָט זי 160 מיטגלידער. קליינלעכע קריגערייען האָבן געשפּילט די הויפּט־ראָל אין דער דעמאָראַליזאַציע פון די ברענטשעס. אויך אין סט. לואיס איז די מעגלעכ־קייט פאַר בויען אונדזער אָרדן זייער גרויס. די קומענדיקע נאַציאָנאַלע עק־זעקוטיווע וועט דאַרפן זיך זייער ערנסט פאַרטראַכטן, סיי וועגן סט. לואיס, סיי וועגן ראָטשעסטער, פּעטערסאָן און באַלטימאָר.

אז מיר רעדן שוין וועגן די שטעט ווילט זיך זאָגן אַ פּאָר אַלגעמיינע ווערטער וועגן די קלענערע צענטערן פון לאַנד. מיר האָבן אָפּגעשלאָסן איצט אַ קאַמפּאַניע, מיר האָבן אַריינגענומען 6,558 נייע מיטגלידער. פון אָט־די האָבן מיר 6,257 אַריינגענומען אין די פּאָלגנדע 10 שטעט: ניו יאָרק, שיקאַגאָ, לאָס אַנדזשעלעס, פילאַדעלפיע, באָסטאָן, דעטרויט, פּיטסבורג, נוארק, קליוולאַנד און האַרטפאָרד. בלויז 301 מיטגלידער זיינען אַריינגענומען געוואָרן אין די אַנדערע 50 שטעט איבערן לאַנד. אָט־דער פאַקט, אָט־דער אומבאַדייטנדיקער ציפער 301 שטעלט פאַר אונדזער קאָנווענשאָן אַוועק זייער ערנסט די פראַגע וועגן די קלענערע שטעט. און דאָס האָט ניט בלויז פּאַסירט אין דער לעצטער קאַמפּאַניע, נאָר אויך אין די פריערדיקע צוויי קאַמפּאַניעס. קענען מיר דערלויבן, אַז אָט־די שטעט זאָלן בלייבן כמעט אויף דער זעלבער שטופע ווי זיי זיינען געווען מיט דריי יאָר צוריק? עס זיינען פאַראַן געוויסע שטעט, וואָס שטייען אָפּ זעלבן שטאַפּל פון זייער אַנט־וויקלונג, ווי זיי זיינען געשטאַנען מיט 8 יאָר צוריק, בשעת דער גרינדונג פון אונדזער אָרדן. עס איז אמת, אַז אויך די נאַציאָנאַלע עקזעקוטיווע איז טייל־ווייז שולדיק אין דעם, ווייל זי האָט ניט געשענקט גענוג אויפמערקזאַמקייט צו די שטעט. מיר האָבן עס פּרובירט טאָן דאָס יאָר, דורכפירנדיק אַ טור מיט חבר רעדין אין די אַלע קלענערע צענטערן, סיי אין דער סאַוט, סיי אין דער מיטלוועסט. אָבער דאָס איז ווייט ניט גענוג. מיר וועלן דאַרפן אין די קומענדיקע פּאָר יאָר אויפרודערן אָט־די שטעטלעך. מיר וועלן אויך דאַרפן מאַכן אַן ערנסטן פאַרזוך צו גרינדן נייע ברענטשעס אין אַ צאָל שטעט, אין וועלכע עס געפינט זיך אַ באַדייטנדיקע צאָל אידן און אין וועלכע מיר האָבן נאָך ביז היינט קיין ברענטש ניט.

## פרויען־סעקציעס

אַ פריידיקע דערשיינונג אינעם לעבן פון דער אידישער סעקציע אין די לעצטע דריי יאָר איז דאָס געבורט פון אַרום 60 פרויען־סעקציעס. צו אונדזער לעצטן צוזאַמענפאָר זיינען מיר געקומען מיט 3 פרויען־ברענטשעס. יענע ברענטשעס עקזיסטירן נאָך היינט, אָבער זיי זיינען ניט געווען בכח אַריינ־צודרינגען צווישן די ברייטע פרויען־מאַסן, ברענגען צו זיי דאָס וואָרט פון אונדזער אָרדן, ברענגען אַ ביסל אויפלעבונג אין דעם פאַרחושכטן לעבן פון דער הויז־פרוי, אַריינטראָגן דאָרט אַ ביסל מער יום־טובדיקייט, מער געזעל־שאַפטלעכקייט.

כדי דאָס צו דערגרייכן, האָבן מיר געדאַרפט געפינען אַ וועג ווי אַזוי צו אָרגאַניזירן די 8 אָדער 10 טויזנט פרויען, וואָס געפינען זיך שוין אין דער אידישער סעקציע, אָבער זיינען בלויז מיטגלידער אויף די ביכער און שפּילן ניט קיין שום געזעלשאַפטלעכע, אָרגאַניזאַציאָנעלע ראָל.

די פרויען־סעקציעס, וואָס זיינען געגרינדעט געוואָרן אין משך פון די לעצטע דריי יאָר אין אַ צאָל ברענטשעס, האָבן באַוויזן צו פאַראינטערעסירן

אַ באַדייטנדע צאָל פרויען אין די פּראָבלעמען פון אָרדן, אין דער אָרגאַני־זאַציע בכלל. די פרויען־סעקציעס אין אונדזער אָרדן האָבן שוין אין זייערע ערשטע שריט באַוויזן, אַז דאָס איז די ריכטיקע אָרגאַניזאַציאָנעלע פאָרם, וואָס וועט קענען אַריינציען און אָרגאַניזירן די פרויען אין אָרדן. לײדער זיינען נאָך דאָ אַ סך מיספאַרשטענדענישן בנוגע דעם וואָס מיר דערוואַרטן פון די פרויען־סעקציעס. עס איז פאַראַן אַ טענדענץ צו פאַרוואַנדלען די פרויען־סעקציע אין אַ מין צוגאָב־ברענטש. דאָס איז שעדלעך, ווייל אויב דאָס וועט דורכגעפירט ווערן וועט פאַסירן איינס פון די צוויי: אָדער מיר וועלן האָבן באַזונדערע פרויען־ברענטשעס, וואָס מיר ווילן ניט האָבן און וואָס אַרבעטן ניט; אָדער די פרויען וועלן ניט וועלן געהערן אין די פרויען־סעקציעס, ווייל זיי וועלן זאָגן, אַז די זעלבע אַרבעט קענען זיי דאָך טאָן אין ברענטש גופא. די פרויען־סעקציע טאָר ניט זיין קיין איבערחזרונג פונעם ברענטש און פונעם ברענטש־לעבן. די הויפּט־אויפגאַבע פון דער פרויען־סעקציע דאַרף זיין זעלבסטבילדונג אין דעם ברייטסטן זין פון וואָרט. מיר דאַרפן אָרגאַניזירן לייען־קרייזן, שטודיר־גרופּן, באַטאָגיקע אוניווערזיטעטן. מיר דאַרפן פאַרשפּרייטן ליטעראַטור, וואָס איז ספּעציעל צוגעפּאַסט פאַר די פרויען, בראָשורן וואָס זאָלן אויפוועקן דעם זעלבסטבאַוואוסטזיין פון דער פרוי, דורך דעם וואָס מיר וועלן זיי באַקענען מיטן לעבן און שאַפן פון די פרויען, וואָס האָבן ביי־געטראָגן צו דער אַלמענטשלעכער קולטור אויף אַלע געביטן: אין קאַמף פאַר פרויען־רעכט, אין די פרייהייט־באַוועגונגען, אין די קאַמפן פון די אַרבעטער־מאַסן, אין ליטעראַטור, וויסנשאַפט, א. אז. וו. מיר האָבן שוין אַפילו אָנגעפאַנגען צוגרייטן ספּעציעלע ליטעראַטור פאַר אָט־די פרויען־סעקציעס. די ערשטע שריט אין דער ריכטונג האָבן מיר געמאַכט מיטן אַרויסגעבן אַ ביאָגראַפיע פון קלאַראַ צעטקין, אַ בראָשור וועגן דער פרוי פון גינע מעדעם און נאָך 4 ביאָגראַפיעס פון פרויען־העלדינס, וואָס דערשיינען אינגיכן.

די צווייטע וויכטיקע אויפגאַבע איז פּאָפּולאַריזירן דעם אָרדן צווישן די פרויען, אַריינציען זיי אין אונדזער אַלגעמיין לעבן, אין אונדזערע אַלגעמיינע טעטיקייטן, אַרויסרוקן די פרוי אין דער פירערשאַפט, סיי אין ברענטש, סיי אין די שטאָט־קאָמיטעטן, סיי אין דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיווע. אויב מיר וועלן דאָס דורכפירן ווי געהעריק וועט דאָס זיין אַ סטימול פאַר נייע טויזנטער פרויען זיך אָנצושליסן אָן אונדזער אָרדן, ווייל זיי וועלן זען אין אונדזער אָרדן דעם פּלאַץ וואו זיי קענען זיך אויסלעבן געזעלשאַפטלעך און קולטורעל.

די נאַציאָנאַלע עקזעקוטיווע, די שטאָט־קאָמיטעטן און די ברענטשעס וועלן דאַרפן שענקען אַ סך מער אויפמערקזאַמקייט ווי ביז איצט צו אָט־דער פראַגע.

## די קינדער־סעקציע

כאָטש די אידישע סעקציע אינעם אָרדן פאַרמאָגט אַ דריטל פון דעם אָרדנס מיטגלידערשאַפט, איז אָבער דער פּראָצענט פון קינדער פון דער

אידישער סעקציע אין דער קינדער־סעקציע זייער אַ קליינער. עס איז אמת, אַז מיר קענען געפינען אַ באַרעכטיקונג אין דעם פאַקט, וואָס מיר האָבן אַרום 7,000 קינדער אין די קינדער־שולן פונעם אָרדן, און אַז די הויפּט־טעטיקייט אַרום דער קינדער־באַוועגונג איז אַרום אונדזערע קינדער־שולן. ניט קוקנדיק אַף דעם אַלעם איז דאָס אָבער זייער אַ גרויסער בלויז אין אונדזער אַרבעט. און עס דאַרף זיך פאַר אונדז שטעלן די פראַגע: איז ניט מעגלעך, אַז די 7,000 קינדער אין אונדזערע שולן זאָלן זיין אָנגעשלאָסן אָן דער קינדער־סעקציע פון אָרדן? דאָס איז זייער אַ וויכטיקע פראַגע און אונדזער צוזאַמענפאַר דאַרף זי ערנסט באַהאַנדלען. די פראַגע איז, אגב, ניט קיין נייע. זי איז באַהאַנדלט געוואָרן בא דער לעצטער קאָנווענשאָן פון אונדזער אָרדן און אויך באַם צוזאַמענפאַר פון די שולן. אונדז האָט זיך געדאַכט, אַז די שפּראַך־פראַגע שטערט צו אָרגאַניזירן די קינדער־בראַנטשעס פון אָרדן. אָבער די פראַגע איז שוין לאַנג געלייזט געוואָרן. דער באַשלוס פון דעם לעצטן צוזאַמענפאַר איז געווען, אַז די קינדער־בראַנטשעס זאָלן אָנפירן זייער אַרבעט אין וועלכער שפּראַך זיי געפינען פאַר נויטיק, און דאָרט וואו עס איז מעגלעך, זאָל די אַרבעט פון דעם קינדער־בראַנטש דירעקט פאַרבונדן ווערן מיט דער שול־אַרבעט. דאָס מיינט, אַז אין אַט־די פאַלן זאָל די שפּראַך פונעם קינדער־בראַנטש זיין אידיש. מיר האָבן געמיינט, אַז דערמיט האָבן מיר די וויכטיקסטע פראַגע שוין געלייזט. אָבער ביז איצט האָבן מיר נאָך אַלץ זייער ווייניק דערגרייכונגען אַף דעם געביט.

עס איז דערפאַר נויטיק בא דעם צוזאַמענפאַר גענוי באַטראַכטן און אַנאַליזירן די אַרבעט פון אונדזערע קינדער־בראַנטשעס און אונדזער אָנטייל אין אַט־דער אַרבעט און קומען צו געוויסע אויספירן, וועלכע מיר זאָלן מיט דער פולסטער ענערגיע דורכפירן גלייך נאָכן צוזאַמענפאַר.

## יוגנט־סעקציע

די פראַגע פון אונדזער יוגנט־סעקציע איז ניט קיין נייע, אָבער מיר דאַרפן זי באַם היינטיקן צוזאַמענפאַר באַטראַכטן אין אַ ניי ליכט. זינט דער אָרדן עקזיסטירט האָבן מיר אויפגעבויט אַ יוגנט־סעקציע פון אַרום 3,000 מיטגלידער. אין דער זעלבער צייט האָבן מיר אינעם גאַנצן אָרדן אַרום 15,000 מיטגלידער פון יוגנט־עלטער. די פּראָבלעם איז דעריבער: ווי אַזוי מאַכן מיר, אַז אַט־די 15,000 מיטגלידער זאָלן ווערן אַן אַקטיווער כח, זאָלן זיך באַטייליקן אין דעם לעבן און אין די טעטיקייטן פון דעם אָרדן? — אַ זאַך, וואָס זיי האָבן ביז איצט לחלוטין ניט געטאָן.

מיר קומען דעריבער מיט אַ רעקאָמענדאַציע, אַז מיר זאָלן אויפלייזן די איצטיקע יוגנט־בראַנטשעס און אָנשטאָט דעם גרינדן יוגנט־דיוויזיעס בא יעדן דערוואַקסענעם בראַנטש. אַ בראַנטש, צום ביישפּיל, פון אַ פּאָר הונדערט מיטגלידער, האָט זיכער אין זיינע אייגענע רייען אַ פּאָר צענדליק יוגנטלעכע, וועלכע קענען אָרגאַניזירט ווערן אַלס אַ יוגנט־דיוויזיע, וועלכע זאָל פינאַנציעל און אָרגאַניזאַציאָנעל זיין אַ טייל פונעם דערוואַקסענעם

ברענטש, וועלכער זאָל אָבער אָנפירן יוגנטלעכע אַקטיוויטעטן און זאָל אַזוי אַרום קענען אַריינציען די יוגנט פון דעם געגנט אָדער דער שטאָט. די איצטיקע 18,000 יוגנטלעכע מיטגלידער קענען אַזוי אַרום ווערן אַ מעכטיקער כח צו אַנטוויקלען אַ ברייטע פּראָגרעסיווע יוגנט־באַוועגונג אין די פאַר־אייניקטע שטאַטן.

אין פאַרבינדונג מיט דעם שווימט אַרויף אַן אַנדער פראַגע: ביז איצט האָבן די יוגנט־ברענטשעס געהאַט אין זייערע רייען מיטגלידער פון פאַר־שיידענע נאַציאָנאַליטעטן. דער ברענטש האָט דעריבער פונקציאָנירט אויס־שליסלעך אַלס אַן אַמעריקאַנער ברענטש, ניט אויפנעמענדיק קיין שום פּראָב־לעמען פון די נאַציאָנאַליטעטן, פון וועלכע ער איז באַשטאַנען. איצט אָבער, אַז עס וועלן אָרגאַניזירט ווערן יוגנט־דיוויזיעס פון אידישע ברענטשעס, מיט אויסשליסלעך אידישע מיטגלידער, וועלן די יוגנט־דיוויזיעס דאַרפן ראַדיקאַל ענדערן זייער אָריענטאַציע. זיי וועלן דאַרפן אויפנעמען אידישע פּראָבלעמען, זיי וועלן דאַרפן ווערן אַקטיוו אין קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם און פאַשיזם, זיי וועלן דאַרפן בכלל מער צובינדן די אידישע יוגנט צו די אידישע מאַסן, זייער קולטור און ליטעראַטור. מיר קענען זיך אַפילו פאָר־שטעלן, אַז אייניקע יוגנט־דיוויזיעס זאָלן האָבן אַ ספּעציעלע טעטיקייט פון לייענען אידישע צייטונגען, אידישע ביכער, שטודירן אידישע געשיכטע, א. אַז. וו. אייניקע יוגנט־דיוויזיעס קענען אַפילו אָנפירן זייערע מיטינגען אויף אידיש. דאָס איז זייער אַ ברייטע טעמע און פאָדערט אַ גרינטלעכע דיסקוסיע.

## ענגליש־אידישע ברענטשעס

אַן ענלעכע פּראָבלעם, וואָס איז לעצטנס אַרויסגעשוואומען, איז די פּראָבלעם פון ענגליש־רעדנדיקע אידישע ברענטשעס. מיר פאַרמאָגן צווישן 8 און 10 טויזנט אידישע מיטגלידער אין דער ענגלישער סעקציע. אַ טייל אידישע מיטגלידער זיינען מערסטנס אַמעריקאַניזירטע עלעמענטן און אַ טייל פון זיי אַמעריקאַנער־געבוירענע. אַט־די עלעמענטן קענען זיך ענגער פאַר־בינדן מיט די גרויסע מאַסן אַמעריקאַניזירטע און אַמעריקאַנער־געבוירענע אידן דאָ אין לאַנד. זיי וועלן אַמבעסטן אָבער זיך קענען פאַרבינדן מיט אַט־די עלעמענטן דעמאָלט, ווען זיי וועלן שענקען מער אויפמערקזאַמקייט צו די פּראָבלעמען פון אידישן לעבן. איצט, זייענדיק אַ טייל פון דער ענגליש־רעדנדיקער סעקציע, האָבן זיי זיך, מיט זייער קליינע אויסנאַמען, אָפּגעגעבן צו אַלע אַלגעמיינע פּראָבלעמען פונעם אָרדן און האָבן פאַרגעסן, אַז זיי האָבן ערנסטע פּראָבלעמען, וואָס רירן אָן די אידישע מאַסן דאָ אין לאַנד. ווי אַזוי איינצושטעלן אַן ענגערע פאַרבינדונג צווישן דער אידישער סעקציע און אַט־די ברענטשעס? וואָס זאָל זיין די שטעלונג פון אָרדן צו די, וואָס ווילן זיך אָרגאַניזירן אין ענגלישע ברענטשעס, אָבער ווילן זיין פאַרבונדן מיט דער אידישער סעקציע? אַט־די פראַגן דאַרפן מיר באַם היינטיקן צוזאַמענפאָר זייער ערנסט דיסקוטירן.

## דאָס איינפירן מאָנאַטלעכע צאָלונגען

ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס אין פּראָצעס פון דורכפירן די מאָנאַטלעכע, אָנשטאָט די דריי־מאָנאַטלעכע צאָלונגען, האָבן מיר פאַרלוירן אַ באַדייטנדיקע צאָל מיטגלידער, דאַרפן אָבער די חברים דערלעגאַטן וויסן, אַז דאָס איז געווען אַ נוצלעכע און נויטיקע רעפאָרמע. זי האָט געראַטעוועט צענדליקער טויזנטער דאָלער, וואָס די ברענטשעס פלעגן צאָלן פאַר אויסגעשלאָסענע מיטגלידער. זי וועט סוף כל סוף פיל בעסער סטאַביליזירן די צאָלונגען פון די מיטגלידער און די מיטגלידערשאַפט בכלל אין דער אידישער סעקציע. מיר ברענגען דאָ די פראַגע נאָכאַמאָל בלויז דערפאַר, וואָס מיר ווילן אויסמיידן, אַז די פראַגע זאָל ווידער און אָבער אַמאָל אויפקומען אין די ברענטשעס. אודאי איז דאָ וואָס אויסצובעסערן. עס קען זיין, אַז מען דאַרף מאַכן ענדערונגען אין די ברענטש־ביכער. אַלץ וואָס איז נאָר מעגלעך אויסצובעסערן וועלן מיר אויסבעסערן. אָבער זאָל פאַרשטאַנען ווערן, אַז מיר וועלן ניט גיין צוריק צו די אַלטע דריי־מאָנאַטלעכע צאָלונגען. און עס איז צייט, אַז מיר זאָלן אויפהערן צו דיסקוטירן די פראַגע צי איז די רעפאָרמע אַ גוטע אָדער אַ שלעכטע, נאָר ווי אַזוי זי בעסער דורכצופירן אין לעבן. אַלע 15 שפּראַך־סעקציעס האָבן די זעלבע פאָרמע פון מאָנאַטלעכע צאָלונגען. די אידישע סעקציע קען אין דעם פּרט ניט זיין קיין אויסנאַם. מיר דאַרפן בלויז ענדערן אונדזער באַציאונג און האַלטן אין געדאַנק, אַז דערמיט וואָס דער נאַציאָנאַלער אָפיס האָט אַרונטערגענומען די פינאַנציעלע פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דעם אינדיווידועלן מיטגליד פון דעם ברענטש, האָט דער ברענטש דערמיט נאָך ניט פאַרלוירן די פאַראַנטוואָרטלעכקייט אויפצופּאַסן, אַז דער מיטגליד זאָל ניט ווערן סוספּענדירט, און אודאי ניט אויסגעשלאָסן. די ברענטשעס דאַרפן זען, אַז די אומזיסטע פאַרלוסטן, וואָס זיינען פאָרגעקומען אין די ערשטע צוויי יאָר, זאָלן זיך ניט איבערחזרן היינטיקס יאָר.

## אונדזער פינאַנציעלער בייטראָג צו דער אַרבעטער־באַוועגונג

אין די לעצטע דריי יאָר, פיל מער ווי אין די ערשטע יאָרן, איז די אידישע סעקציע פון אָרדן געווען דער גרעסטער שטיצער און אויפהאַלטער פון דער „מאָרגן־פרייהייט״. עס קוקט אויס כמעט ניט־גלויבלעך, אָבער דאָס זיינען די אמתע ציפערן: די ברענטשעס פון אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטער אָרדן האָבן אין די לעצטע דריי יאָר, אין די דריי געלט־קאַמפּאַניעס, צוגעטראָגן צו דער „מאָרגן־פרייהייט״ אַרום $120,000. צורעכענענדיק דעם פּרעסע־שטייער, וואָס האָט אין די דריי יאָר באַטראָפן אַרום $50,000, מיינט עס, אַז די אידישע סעקציע האָט בייגעטראָגן צו דער „מאָרגן־פרייהייט״ קרוב צו $175,000. מיר מעגן באמת שטאָלצירן און זיין צופרידן, חברים, וואָס מיר זיינען געוואָרן דער שטאַרקסטער כח צו העלפן אויפהאַלטן די צייטונג, וועלכע האָט געשפּילט און שפּילט זייער אַ וויכטיקע ראָלע אין דעם לעבן פון די

אידישע אַרבעטער, אַ ציַיטונג וועלכע האָט געשפּילט זייער אַ וויכטיקע ראָלע אין דער אָרגאַניזירונג און אויפבויאונג פון אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטער אָרדן.

רעדנדיק וועגן דער „מאָרגן־פריַיהייט" קענען מיר ניט פאַרבייַגיין דעם פאַקט, וואָס ניט קוקנדיק אַף דעם, וואָס די „מאָרגן־פריַיהייט" דינט אַזוי געטריַי דעם אָרדן, ניט קוקנדיק אַף דעם, וואָס זי גיט אָפּ צוויי פולע זייַטן יעדע וואָך—די „טריבונע" פונעם אָרדן—און אַ סך אַנדערע מאַטעריאַלן ווען עס איז נאָר נויטיק, סיי כדי אויפצונעמען די פּראָבלעמען פון אונדזער אָר־גאַניזאַציע, סיי כדי צו פּאָפּולאַריזירן דעם אָרדן צווישן די אידישע אַרבעטער, ניט קוקנדיק אַף דעם מוזן מיר לייַדער פעסטשטעלן, אַז אַרום 50 פּראָצענט מיטגלידער פון אונדזער סעקציע לייענען ניט די „מאָרגן־פריַיהייט". דאָס איז ניט נאָר אַ גוואַלטיקער שאָדן פאַר דער „מאָרגן־פריַיהייט", דאָס איז אויך אַ גוואַלטיקער שאָדן און פאַרלוסט פאַרן אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטער אָרדן. פונעם שטאַנדפּונקט פונעם אָרדן זעלבסט איז נויטיק, אַז אונדזערע מיטגלידער זאָלן זייַן אַלזייטיק באַקאַנט מיט דעם וואָס עס קומט פאָר אינעם אָרדן, מיט די קאַמפּאַניעס פונעם אָרדן, און די באַקאַנטשאַפט קענען זיי באַקומען בלויז דעמאָלט, ווען זיי וועלן לייענען די ציַיטונג, אין וועלכער עס שפּיגלט זיך אָפּ דאָס לעבן און די טעטיקייט פון דעם אָרדן. עס איז נויטיק דערפאַר, אַז די איצטיקע קאָנווענשאָן זאָל אַרויסלאָזן אַן ערנסטן רוף צו אונדזער גאַנצער אָרגאַניזאַציע דורכצופירן אַ ברייטע אידעאָלאָגישע קאַמ־פּאַניע, כדי צו דערגרייכן יעדן איינציקן מיטגליד פון אונדזער־אָרדן פאַר דער „מאָרגן־פריַיהייט". אייניקע פאַרזוכן זייַנען געמאַכט געוואָרן אין פאַר־לויף פון די לעצטע דריי יאָר אין פאַרבינדונג מיט די וועכנטלעכע און צוויי־וועכנטלעכע סובסקרייבער און יענע פאַרזוכן זייַנען געווען גאַנץ דערפאָלגרייך. מיר דאַרפן בלויז פירן אָט־די אַקציע סיסטעמאַטישער און גרינטלעכער און מיר וועלן דערגרייכן אַמווייניקסטנס 4־5 טויזנט נייַע לייענער אינעם אָרדן גופא. 4־5 טויזנט נייַע לייענער וואָלטן געמיינט, אַז מיר וואָלטן ניט געדאַרפט אָנפירן אַזויפיל געלט־קאַמפּאַניעס פאַר דער „מאָרגן־פריַיהייט". עס איז נויטיק, אַז אונדזער אַקטיוו זאָל פאַרשטיין, אַז ווען מיר וואָלטן אַוועקגעגעבן די זעלבע ענערגיע צו באַקומען נייַע לייענער, וואָס מיר גיבן אַוועק אַף זאַמלען דאָס געלט, וואָלט ניט נאָר די לאַגע פון דער „מאָרגן־פריַיהייט" היינט געווען אַ פיל בעסערע, נאָר די לאַגע פון דעם אָרדן וואָלט געווען אַ פיל בעסערע. אונדזערע אייגענע דערפאָלגן וואָלטן געווען באַדייַטנדיקערע און גרעסערע.

אינעם אָרדן האָבן מיר אויך דורכגעפירט אין משך פון די דריי יאָר זאַמלונגען פאַרן „דיילי וואָירקער". לייַדער האָבן מיר ניט די ציפערן וויפיל די אידישע סעקציע האָט געזאַמלט, אָבער מיר זייַנען זיכער, אַז אויך דאָרטן איז אונדזער בייַטראָג געווען אין די טויזנטער.

אונדזער אידישע סעקציע האָט פּראָפּאָרציאָנעל זייער גוט בייַגעטראָגן צו דעם פאָנד צו העלפן די שפּאַנישע לאָיאַליסטן אינעם קאַמף קעגן פאַשיזם. אַ צאָל אידישע ברענטשעס האָבן דורכגעפירט ספּעציעלע אונטערנעמונגען פאַר שפּאַניע. אייניקע ברענטשעס האָבן געשאַפן זייער באַדייַטנדיקע סומען. אויך וועגן דעם האָבן מיר ניט קיין באַזונדערן חשבון, ווייל די געלטער זייַנען

אריינגעשיקט געוואָרן צום אַלגעמיינעם פּאָנד, וואָס דער אָרדן האָט געקליבן. מיר קענען בלויז פּאַרזיכערן, אַז די אידישע ברענטשעס האָבן געטאָן זייער פליכט אין אָט־דער וויכטיקער אַרבעט.

אין די לעצטע דריי יאָר זיינען אויך פאָרגעקומען זייער וויכטיקע קאַמפן. אין די לעצטע דריי יאָר איז אויפגעבויט געוואָרן די מעכטיקע אינדוסטריעלע טרייד־יוניאָן באַוועגונג, די „סי. איי. אָ.“. ניט נאָר דער אָרדן אַלס אַ גאַנצער, נאָר די אידישע סעקציע פון איר זייט האָט פיל בייגעטראָגן; האָט געבראַכט פּיקעטס אַף דער פּיקעט־ליין, האָט זיך באַטייליקט אין די גרויסע סטרייקס, און האָט אויך געזאַמלט באַדייטנדיקע פאָנדן צו העלפן אויפבויען די יוניאָנס און העלפן ברענגען די סטרייקס צו אַ דערפאָלגרייכן זיג.

## V. קולטור־טעטיקייט אין די לעצטע דריי יאָר

קולטור־אַרבעט איז בא אונדז ניט געווען סתם אַ באַפּוצונג, כדי יוצא צו זיין פאַר דער וועלט. קולטור־אַרבעט — האָבן מיר קלאָר פאַרשטאַנען — דאַרף ווערן דער סאַמע עיקרדיקסטער באַשטאַנד־טייל פון אונדזער גאַנצער אַרבעט, אָן וועלכן דער אָרדן קען ניט אויסקומען. פאַרנאַכלעסיקן קולטור־אַרבעט, מיינט לאָזן אונדזער אָרגאַניזאַציע ווערן נאָך אַ בענעפיט־סאָסייעטי אַף דער אידישער גאַס.

ווען מיר זיינען אָבער געקומען צום דורכפירן אָט־די צענטראַלע אויפגאַבע, האָבן מיר באַגעגנט גוואַלדיקע שוועריקייטן. מיר האָבן זיך אָנגעשטויסן אין דער אַלטער שעדלעכער ירושה אינעם אידישן לעבן אין אַמעריקע — איינגעוואָרצלטע טראַדיציעס פון ביטול און אַפּאַטיע בנוגע קולטור־אַרבעט.

פון איין זייט האָבן מיר געהאַט אַן אַקטיוו איבערגעגעבענע חבריה, וואָס האָבן אָבער אַריבערגעטראָגן אַ שלעכטע באַציאונג פון אַרבעטער־רינג צו קולטור־אַרבעט. פון דער צווייטער זייט האָבן מיר געהאַט פאַר זיך אַ גרויסע אידישע מאַסע, וואָס האָט זיך דערצויגן אַפן באַרימטן „פאָרווערטס“־קאַלעדזש. קיין אידיש בוך האָט מען ניט געלייענט, קיין פאַרלעגער האָבן כמעט ניט עקזיסטירט, און די וואָס האָבן יאָ עקזיסטירט האָבן קיין נייע ביכער ניט אַרויסגעגעבן. אידישע שרייבער זיינען אַרומגעגאַנגען פול מיט פעסימיזם. אָנשטאָט צו בויען די אידישע קולטור האָט מען דיסקוטירט די פראַגע ווי לאַנג די אידישע שפּראַך און די אידישע קולטור וועלן לעבן. די אַלטע אָרגאַניזאַציעס, די וואָס האָבן פריער יאָ עפּעס געטאָן אַפן קולטורעלן געביט, ווי דער אַרבעטער־רינג, האָבן אויפגעהערט טאָן וועלכע עס איז אַרבעט. די איינציקע אַף אַן אמת וויכטיקע אַרבעט, וואָס איז יאָ אויפגעטאָן געוואָרן, איז געווען די קינדער־שול באַוועגונג. אָבער דאָס האָט מען אויך געטאָן צוליב דעם קאַמף קעגן די לינקע עלעמענטן און טיילווייז אַרויפגעצוואונגענערהייט.

די לינקע באַוועגונג, וועלכע האָט יאָ אָנערקענט די וויכטיקייט פון

קולטור־ארבעט צווישן די ברייטע אידישע מאסן, איז אָבער געווען אזוי פארנומען אין צוריקשליידערן די אטאקעס, וואָס זיינען געמאכט געוואָרן טאָג־איין און טאָג־אויס, סיי אין דער יוניאָן־באַוועגונג, סיי אין דער פּאָליטישער באַוועגונג, סיי אין דער פראטערנאַלער באַוועגונג, אַז עס איז געבליבן זייער ווייניק צייט אָפּצוגעבן זיך מיט קולטור־טעטיקייט. אָבער אפילו אונטער אָט־די זייער שווערע באַדינגונגען האָט די לינקע באַוועגונג אויפגעבויט פּרעכטיקע געזאַנג־פאראיינען, אָן אָנגעזעענעם קונסט־טעאַטער, ארבעטער־אוניווערזיטעטן, אָרקעסטערס, און אַנדערע אינסטיטוציעס. עס זיינען אויך ארויסגעגעבן געוואָרן אַ באַדייטנדע צאָל ביכער, כאָטש מערסטן אָפּן חשבון פונעם שרייבער. דאָס זיינען געווען זייער גרויסע און וויכטיקע דערגרייכונגען אַף דעם קולטורעלן געביט. אָבער ווען מען פארגלייכט דאָס מיט דער קולטור־לאָזיקייט וואָס הערשט צווישן די ברייטע אידישע מאסן, ווען מען פארגלייכט עס צו די קולטורעלע נויטן, איז דאָס אַלץ ווי אַ טראָפּן אין ים.

דער אינטערנאַציאָנאַלער ארבעטער אָרדן און זיין אידישע סעקציע האָט גלייך פון אָנפאַנג אָן געפּרואווט ניט נאָר זיך אָפּגעבן מיט קולטור־ארבעט, נאָר פארטיפן און פארוואָרצלען אָט־די ארבעט. מיר האָבן געזוכט אריינברענגען אונדזער קולטור־טעטיקייט צווישן די טויזנטער מיטגלידער פונעם אָרדן, צווישן די אידישע מאסן בכלל. מיר מוזן זיך אָבער היינט מודה זיין, אַז כאָטש מיר קומען מיט אַ פיינעם סטאַזש פון וויכטיקע אויפטואונגען אַפן קולטורעלן געביט, זיינען מיר אָבער נאָך אַלץ ווייט הינטערשטעליק ניט נאָר אין פארגלייך מיט די קולטורעלע נויטן פון די ברייטע אידישע מאסן בכלל, נאָר אפילו מיט די קולטורעלע נויטן פון די טויזנטער פירנדיקע חברים פון אונדזערע ברענטשעס, אָן וועמען עס וואָלט דאָך ניט מעגלעך געווען אויפצובויען אונדזער אָרדן און דערגרייכן די ביז־איצטיקע אויפטואונגען.

## דער אָרדן אַקטיוו אין די אידישע ארבעטער־אוניווערזיטעטן

אין די לעצטע דריי יאָר האָבן מיר באַוויזן צו פאַרוואַנדלען דעם אידישן ארבעטער־אוניווערזיטעט אין ניו יאָרק אין איינעם פון די וויכטיקסטע לערן־אַנשטאַלטן, וואָס די אידישע ארבעטער האָבן אויפגעבויט אין וועלכן עס איז ווינקל פון דער וועלט. איבער 2,200 מיטגלידער פונעם אָרדן האָבן זיך דאָרט געלערנט אין משך פון די דריי יאָר. אַ גרויסער טייל פון די סטודענטן האָבן ניט בלויז אויפגענומען די ספּעציעלע קורסן וועגן פראטערנאַליזם, נאָר אויך אַ גאַנצע ריי אַנדערע קורסן, ווי פּאָליטישע עקאָנאָמיע, געשיכטע פון דער אידישער ארבעטער־באַוועגונג, מאַרקסיזם און אַנדערע.

שווער איז אונדז אָנגעקומען אויפצובויען אידישע ארבעטער אוני־ווערזיטעטן אין שיקאַגאָ, פילאַדעלפיע, באָסטאָן, לאָס אַנדזשעלעס, דעטרויט, פּיטסבורג און קליוולאַנד. אָבער דאָך פרייט אונדז היינט צו באַריכטן, אַז מיט דעם אויסנאַם פון איין און איינציקער שטאָט, קליוולאַנד, האָבן מיר האַיאָר אומעטום געהאַט פונקציאָנירנדיקע אידישע ארבעטער־אוניווערזיטעטן. אין אַנדערע בעסער, און אין אַנדערע שוואַכער. שיקאַגאָ האָט דאָס יאָר

אָנגעהויבן גיין אין די פוס־טריט פון ניו יאָרק. אַ גרויסע צאָל סטודענטן האָבן דאָרט געלערנט. אונדזערע שיקאַגער חברים דאַרפן די אינסטיטוציע האַלטן טייער, זי אַנטוויקלען, פאַרטאָפּלען די צאָל סטודענטן און פאַרמערן די צאָל קורסן.

מיר קענען נאָך אויך צוגעבן, אַז גוואַרק האָט דאָס יאָר געמאַכט אַ גוטן אָנפאַנג מיטן אָרגאַניזירן צוויי קורסן. לאָמיר האָפן, אַז די צוויי קורסן וועלן פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ שטענדיקן אידישן אַרבעטער־אוניווערזיטעט קומענ־דיקן סעזאָן.

מיר האָבן אָבער אויך אַ צאָל וויכטיקע חסרונות, וואָס מיר דאַרפן באַלד פאַרבעסערן. ניט אויפגעבנדיק דעם געדאַנק פון פאַרוואַנדלען אונדזערע אַרבעטער־אוניווערזיטעטן אין מאַסן־אינסטיטוציעס, וואָס זאָלן דערגרייכן טויזנטער סטודענטן יעדן סעמעסטער, מוזן מיר אָבער פאַרטיפן דאָס לערנען. מיר מוזן זען, אַז ווען אַ מיטגליד נעמט אויף אַ קורס זאָל ער דאַרפן זיך צוגרייטן, אָפּגעבן עקזאַמען, טאָן אַרבעט, האָבן אַן ערנסטע באַציאונג צום לערנען. ער טאָר ניט אַרויסגעלאָזט ווערן פונעם אוניווערזיטעט אָן אַן עקזאַמען. מיר מוזן אים אויך אָנווייזן וועלכע קורסן ער דאַרף נאָך אויפ־נעמען, כדי צו באַפעסטיקן זיין וויסן.

מיט איין וואָרט: די אַרבעטער־אוניווערזיטעטן דאַרפן אַוועקגעשטעלט ווערן אַלס פּראָפעסיאָנעלע לערן־אינסטיטוציעס אַף ווי ווייט דאָס איז מעגלעך אונטער אונדזערע באַדינגונגען. דער ניו יאָרקער אוניווערזיטעט וועט דאַרפן פאַר דעם צוועק באַדינען די אוניווערזיטעטן איבערן לאַנד, פיל מער ווי ער האָט עס געטאָן ביז איצט.

לאָמיר שוין אויך דערציילן אונדזערע דעלעגאַטן, אַז מיר האָבן דורכ־געבראָכן די וואַנט פון גלייכגילטיקייט מצד אונדזערע אָנפירנדיקע חברים צו דער פראַגע פון לערנען זיך. מיר האָבן היינטיקס יאָר דורכגעפירט אַ קורס פון 20 שבתים מיט די מיטגלידער פונעם ניו יאָרקער שטאָטישן קאָמיטעט און דיסטריקט־קאָמיטעטן און באַם אָפּשלוס פון קורס האָבן אַ סך אָנפירנדיקע חברים זיך מודה געווען, אַז זיי זעען ערשט איצט איין ווי וויכטיק דאָס לערנען איז פאַר זיי געווען.

## „וויק־ענד" קורסן, שטודיר־גרופּן און לייען־קרייזן

אין די לעצטע דריי יאָר האָבן מיר אויך דורכגעפירט „וויק־ענד" קורסן כמעט אין אַלע וויכטיקע צענטערן פון לאַנד. זיי זיינען דורכגעפירט געוואָרן פון אָנפירנדיקע חברים פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיווע. אין אָט־די קורסן זיינען אַממערסטנס אַריינגעצויגן געוואָרן די מיטגלידער פון די שטאָטישע קאָמיטעטן און אַ צאָל מיטגלידער פון די עקזעקוטיוועס. מיר האָבן אויך דורכגעפירט אַזעלכע „וויק־ענד" קורסן אין מאָנטרעאָל און אין טאָראָנטאָ אַף דעם פאַרלאַנג פון דעם קאַנאַדער אַרבעטער־רינג און פון דער „לייבאָר־ליג". די חברים זיינען געווען גוואַלדיק צופרידן און באַגייסטערט פון אָט־די קורסן. אמת, עס איז שווער אין 10־12 שעה, אָפּטמאָל אין איין טאָג,

פאַר די סטודענטן צו פאַרדייען אַזויפיל מאַטעריאַל. מיר האָבן אפשר ניט צוגעגרייט גענוג פאַרבאַרייטונג־מאַטעריאַל, אײדער מיר האָבן דעם קורס דורכגעפירט. דאָס זיינען חסרונות, וואָס מיר וועלן דאַרפן אויסבעסערן. אָבער סיי פון אונדזער אייגענער דערפאַרונג און סיי פון די באַריכטן פון די אַנדערע חברים, וואָס האָבן די קורסן אָנגעפירט, ווייסן מיר, אַז דאָס האָט פיל בייגעטראָגן צו דער פאַרשטענדעניש וועגן אונדזער אָרדן.

אין אַ צאָל שטעט האָבן די פּרויען־סעקציעס אָרגאַניזירט לייען־קרייזן און שטודיר־גרופּן. אין אייניקע שטעט פאַנגען די קרייזן אָן צו ווערן אַן אמתער דערפאָלג.

ווייניקער דערפאָלג פאַרצייכענען מיר אויפן געביט פון שטודיר־גרופּן. אָבער אַ צאָל אַזעלכע גרופּן עקזיסטירן. עס דאַרף זיין אונדזער אויפגאַבע אויסצוברייטערן סיי די לייען־קרייזן, סיי די שטודיר־גרופּן. דאָס דאַרף זיין אַ וויכטיקע אַרבעט ניט נאָר פון די פּרויען־סעקציעס, נאָר פון אונדזערע ברענטשעס בכלל.

## קאָאָפּעראַטיווער פאָלקס־פאַרלאַג

די נאַציאָנאַלע עקזעקוטיווע ברענגט אונדזער פערטן צוזאַמענפאָר אַ פּרעכטיקע מתנה, אַ יונגן צווייג פון אונדזער גרויסער משפּחה — דער קאָאָפּעראַטיווער פאָלקס־פאַרלאַג פון אונדזער אָרדן.

דער פאַרלאַג איז בלויז איין יאָר אַלט און דאָך האָט ער גרויסע אויפטואונגען צו פאַרצייכענען, פיל גרעסערע ווי מיר האָבן זיך דערוואַרט פאָרצושטעלן. אונדזער פאַרלאַג איז געגרינדעט געוואָרן, כדי אויסצופילן אַ גאָר וויכטיקן בלויז אין דעם קולטור־לעבן פון די אידישע מאַסן. אין גאַנץ אַמעריקע עקזיסטירט ניט קיין איין גוט־פונקציאָנירנדיקער פאַרלאַג, וואָס זאָל סיסטעמאַטיש אַרויסגעבן ביכער פאַרן אידישן לייענער. דער קאָאָפּעראַטיווער פאָלקס־פאַרלאַג האָט זיך געשטעלט אָט־די אויפגאַבע. ער האָט זיך געשטעלט פאַר אַ ציל אַרויסצוגעבן איין בוך אַ חודש — בעלעטריסטיק, וויסנשאַפט, געשיכטע, ליטעראַטור־קריטיק, פּאָעזיע, פּובליציסטיק און אַנדערע. דער קאָאָפּעראַטיווער פאַרלאַג האָט זיך געשטעלט פאַר אַ ציל ניט בלויז אַרויסצוגעבן ביכער, נאָר טאַקע צו אַנטוויקלען אַ ברייטע באַוועגונג צו פאַרשפּרייטן די ביכער צווישן די אידישע מאַסן.

דער פאַרלאַג האָט זיך געשטעלט פאַר אַ ציל צו דערגרייכן אַ מינימום פון 5,000 סובסקרייבער. דאָס וואָלט אים געגעבן אַ געזיכערטע פינאַנציעלע באַזע אָנצוגיין מיט זיין אַרבעט.

מיר שטייען נאָך דערוויַיל זייער ווייט פון די 5,000 סובסקרייבער. וואָרשיינלעך האָבן מיר בײַ היינטיקן טאָג צווישן 12 און 15 הונדערט סובסקרייבער. ניט קוקנדיק אָבער אויף דעם, האָט דער פאָלקס־פאַרלאַג דורכגעפירט זיינע פּלענער. אין פאַרלויף פון זיין עקזיסטענץ האָט ער אַרויסגעגעבן די פאָלגנדע ביכער און בראָשורן:

„לידער און פּאָעמעס" פון י. גרינשפּאַן.

„לאבזיק", 2טער טייל, פון כאווער פאווער.
„אמעריקע", 1טער טייל, פון י. סולטאן.
„אנטראפאלאגיע" פון דר. א. מאנדעל.
„וואטערטאון" פון מ. בלעכמאן.
„די פרוי" פון גינע מעדעם.
„נא פאסאראן" פון אהרן קורץ.
„אמעריקע", 2טער טייל, פון י. סולטאן.
„8 יאר פראלעטארישער פראטערנאליזם" פון ר. זאלצמאן.

אין דרוק געפינען זיך:

„4 פרויען־העלדינס" (מוטער דזשאונס, העריעט ביטשער סטאו, עמא לאזארוס, און פרענסיס ראיט) פון ר. האלטמאן.
„אברהם גאלדפאדען" פון נחמן מייזיל.
„מענטשן און חיות" פון י. אפאטאשו.
„קאלאמביא דרעס קא." פון לייב סאברין.

אויסער די 13 ביכער און בראשורן האט אונדזער פארלאג צוגעגרייט דריי בענדער „מארקס, ענגעלס, לענין און סטאלין", די וויכטיקסטע ווערק פון די 4 געניאלע ארבעטער־פירער און דענקער. זיי וועלן קירצלעך אריין אין דרוק. אויך זיינען שוין גוטגעהייסן געווארן די פאלגנדע ביכער, וואס דארפן דערשיינען היינטיקס יאר: „געקליבענע דערציילונגען" פון א. מייזל. „גע־שיכטע פון די אידן אין אמעריקע" פון י. ב. ביילין. „בארג ארויף" פון מארטין בירנבוים. א באנד לידער פון מלכה לי. „די נייע אידישע ליטערא־טור" פון משה כץ. „מיטגייער" פון צבי הירשקאן. און אויך א גאנצע ריי ביאגראפיעס, וואס זיינען באשטעלט געווארן בא א צאל שרייבער.

איידער דער פארלאג איז געגרינדעט געווארן, האבן מיר ארויסגעגעבן די פאלגנדע ביכער און בראשורן, זינט אונדזער דריטער קאנווענשאן:

„די שול פאר אייער קינד" פון ר. זאלצמאן.
„מענדעלע מוכר ספרים" פון א. ראזנצווייג.
„די נײַן ברידער" פון א. ראבאי.
„צו דער געשיכטע פון דער פראטערנאלער באוועגונג" פון ר. זאלצמאן.
„קינד און קייט" פון משה נאדיר.

ווי באשיידן מיר זאלן ניט וועלן זיין, מוזן מיר זאגן, אז דאס איז א רעקארד מיט וועלכן מיר קענען באמת שטאלצירן, א רעקארד מיט וועלכן קיין אנדער ארגאניזאציע אין אמעריקע קען זיך ניט פארגלייכן.

אף וויפיל אונדזערע ברענטשעס גיבן זיך אפ מיט פארשפרייטן ליטערא־טור קען מען זען פון דער טאבעלע, וואס מיר גיבן דא (ציפערן גענומען פון אונדזער ניו יארקער בוך־קראם). ליידער האבן מיר ניט געקענט באקומען די ציפערן פון אלע אונדזערע שטאט־קאמיטעטן, כדי מיר זאלן האבן א פול־שטענדיק בילד. אבער אט־די ציפערן פון פארקויפטער ליטעראטור גיבן אונדז אן אינטערעסאנט בילד.

| חודש | 1935<br>צאָל עקזעמפּלאַרן | 1936<br>צאָל עקזעמפּלאַרן | 1937<br>צאָל עקזעמפּלאַרן |
|---|---|---|---|
| יאַנואַר — — — — | 7,240 | 7,687 | 12,065 |
| פעברואַר — — — | 11,865 | 11,127 | 18,481 ' |
| מערץ — — — | 11,240 | 19,467 | 14,254 |
| אַפּריל — — — | 13,840 | 14,884 | 30,957 |
| מאַי — — — | 9,970 | 6,012 | 6,143 |
| יוני — — — | 11,470 | 7,037 | 10,159 |
| יולי — — — | 8,610 | 5,271 | 5,307 |
| אויגוסט — — | 9,340 | 7,091 | 5,696 |
| סעפּטעמבער — | 20,737 | 78,634 | 22,451 |
| אָקטאָבער — — | 20,735 | 15,603 | 24,560 |
| נאָוועמבער — | 13,265 | 13,085 | 12,316 |
| דעצעמבער — | 11,465 | 15,422 | 14,792 |
| | 161,500 | 201,320 | 177,181 |

אויך וועגן אונדזער ליטעראַטור־פאַרקויף דאַרפן מיר דאָ זאָגן, אַז דאָס זיינען גלענצנדע דערגרייכונגען ווען מיר פאַרגלייכן עס מיט אונדזערע ערשטע יאָרן און מיט אַנדערע אָרגאַניזאַציעס. אָבער ווען מיר באַטראַכטן דאָס אין ליכט פון דער לאַגע פונעם אידישן בוך אין די פאַראייניקטע שטאַטן, אין ליכט פון דער גרויסער נויטווענדיקייט, מוזן מיר זאָגן, אַז די דאָזיקע דער־גרייכונגען זיינען נאָך זייער ווייט פון אונדזער ציל.

לאָמיר אויך געדענקען, אַז אונדזער קאָאָפּעראַטיווער פאַרלאַג מוז דער־גרייכן זיין ציל פון 5,000 סובסקרייבער און שפּעטער 10,000. מיר פּלאַנען, אַז יעדער סובסקרייבער זאָל קויפן אַ מינימום פון 2 ביכער אַ יאָר. דאָס אַליין וואָלט אונדז געגעבן אַ מינימום פון 20,000 פאַרקויפטע און פאַרזיס־גאַראַנטירטע ביכער פון אונדזערע אויסגאַבן. דאָס וואָלט מעגלעך געמאַכט פאַר אונדז צו דרוקן אַ גרעסערע צאָל עקזעמפּלאַרן פון יעדן בוך און דאָס וואָלט אויך מעגלעך געמאַכט פאַר אונדז צו פאַרקויפן די ביכער פאַר די סאַמע נידעריקסטע פּרייזן. מיר וועלן דעריבער אינעם קומענדיקן יאָר דאַרפן אָנפירן אַן אינטענסיווע קאַמפּאַניע צו פאַרווירקלעכן אונדזער לאָזונג פון 5,000 סובסקרייבער. מיר וועלן דאַרפן דורכפירן אַ ברייטע אַגיטאַציע צווישן אונדזערע טויזנטער מיטגלידער, ניט נאָר צו קויפן אונדזערע ביכער, נאָר טאַקע די ביכער צו לייענען. מיר וועלן דאַרפן אָנפירן אַ ברייטע קאַמפּאַניע, אַז אַלע אונדזערע ברענטשעס זאָלן נאָך פאַרשטאַרקן דעם ליטעראַטור־פאַר־קויף. צום באַדויערן האָבן מיר נאָך אַ סך ברענטשעס, באַזונדערס אין די

קלענערע שטעט, וואָס גיבן זיך לחלוטין ניט אָפּ מיט פאַרשפּרייטן ליטעראַטור. אייניקע ברענטשעס האָבן אפילו ניט קיין ליטעראַטור־דירעקטאָרן. מיר דאַרפן אוועקשטעלן די פראַגע פון ליטעראַטור־פאַרקויף אַלס איינער פון די וויכטיקסטע פּראָבלעמען אין אונדזערע ברענטשעס.

## קולטור־אַרבעט אין די ברענטשעס

עס טוט אונדז לייד, וואָס מיר האָבן צום איצטיקן צוזאַמענפּאָר ניט געקענט צוגרייטן קיין פולן סטאַטיסטישן באַריכט וועגן דער קולטור־אַרבעט אין די ברענטשעס אין משך פון די לעצטע דריי יאָר. ליידער האָבן די ברענטשעס און די שטאָט־קאָמיטעטן ביז איצט ניט געהאַלטן פאַר נייטיק צו רעגיסטרירן זייער קולטור־טעטיקייט. מיר מוזן זיך דערפאַר באַנוגענען מיט געבן אייניקע ציפערן, וואָס זיינען אויך ניט קיין פולע און וואָס נעמען אַרום בלויז אַ קורצן פּעריאָד. מיר האָבן טאַבולירט די קולטור־טעטיקייט פון אונדזערע ניו יאָרקער ברענטשעס פאַר די חדשים יולי, אויגוסט, סעפּטעמבער, אָקטאָבער און נאָוועמבער. די פאַקטן האָבן מיר אַרויסגענומען פון די נאָטיצן אין דער „מאָרגן־פרייהייט", וואָס די ברענטשעס גיבן אַריין וועגן זייער קולטור־טעטיקייט. לאָמיר דעריבער געדענקען, אַז ערשטנס גיבן אַ גרויסע צאָל ברענטשעס ניט אַריין קיין נאָטיצן וועגן זייער קולטור־טעטיקייט, און צווייטנס ווערן פיל נאָטיצן ניט געדרוקט צוליב מאַנגל אין פּלאַץ, און דריטנס האָבן מיר גענומען דריי פון די זומער־חדשים, ווען זיינען די שוואַכסטע אין אונדזער אָרגאַניזאַציע. פונדעסטוועגן איז דאָס אַ זעלטן בילד, וואָס ווייזט אַ סך פּראָגרעס אויפן געביט פון קולטור־אַרבעט אין די ברענטשעס.

אויסער זייערע אָרגאַניזאַציאָנעלע מיטינגען האָבן די ברענטשעס אין ניו יאָרק דורכגעפירט 418 קולטור־אָוונטן. פון די 418 זיינען 194 געווען קאָנצערטן, יום־טובדיקע מיטינגען, פייערונגען פאַר יחידים, און אַנדערע אַזעלכע מיטינגען. 161 זיינען געווען איבער פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכע פראַגן, ווי פאַראייניקטער פראָנט, מלחמה און פאַשיזם, „לייבאָר פּאַרטיי" און פיל אַנדערע. 19 איבער וויסנשאַפטלעכע פראַגן. 33 פון אַ ליטעראַריש־מוזיקאַלישן כאַראַקטער און אַ צאָל פאַרשיידענע. ווען מען נעמט אָט־די ציפערן און מען פאַרגרעסערט זיי אויף 260 ברענטשעס, וואָס מיר האָבן איבערן לאַנד, באַקומט זיך דעמאָלט אַן אמת הערלעך בילד.

## לעקציע־טורם

אין פאַרלויף פון די דריי יאָר האָבן מיר דורכגעפירט 6 נאַציאָנאַלע קולטור־טורס, וואָס האָבן אַריינגענומען דאָס גאַנצע לאַנד. דריי טורס זיינען אָרגאַניזירט געוואָרן מיט חבר אהרן קורץ, איין טור מיט ברוך גלאַזמאַן, איין טור מיט גינע מעדעם און דער לעצטער טור, וואָס ווערט איצט פאַרענדיקט, מיט נחמן מייזלען, דער רעדאַקטאָר פון די „ליטעראַרישע בלעטער" אין פוילן.

אין די לעצטע דריי יאָר האָבן זיך כסדר איבערגעחזרט די פריערדיקע

דורכרייסן. אין דער צייט ווען אין די קלענערע צענטערן זיינען די טורס, מיט זייער קליינע אויסנאַמען, דערפֿאָלגרייך, זיינען זיי אין די גרעסערע צענ־טערן, אויך מיט זייער ווייניק אויסנאַמען, אַ דורכפֿאַל. פֿאַר אונדז איז שוין געשטאַנען זייער ערנסט די פֿראַגע וועגן אַרויסנעמען די גרעסערע צענטערן פֿון די לעקציע־טורס, ניט דערפֿאַר, ווייל זיי זיינען אין די שטעט ניט נייטיק, נאָר פּשוט אַלס אַן אויסדרוק פֿון פּראָטעסט און כדי צו צווינגען אונדזערע חברים אין די גרעסערע צענטערן צו באַטראַכטן די פֿראַגע זייער ערנסט. ווייל מיר זיינען זיכער, אַז ווען די חברים אין די גרויסע שטעט וואָלטן געהאַט אַן ערנסטערע באַציאונג צו אָט־דעם טייל פֿון קולטור־אַרבעט, וואָלטן די רעזולטאַטן געווען גאַנץ אַנדערע.

היינטיקס יאָר, צום ערשטן מאָל, האָבן מיר געוואָלט אָרגאַניזירן אַ קאָנצערט־טור, אַ טור וואָס זאָל אַריינברענגען גרויס יום־טוב אין די שטעט און שטעטלעך. מיר האָבן שוין געהאַט געמאַכט פֿאַרבאַרייטונגען מיט דריי קינסטלער, אָבער לײדער האָבן מיר געמוזט דעם טור אויפֿגעבן, ווייל 90 פּראָצענט פֿון די שטעט האָבן פֿאַרלאַנגט, אַז דער קאָנצערט זאָל בײַ זיי פֿאָרקומען בלויז זונטיק און דאָס וואָלט געמיינט, אַז מיר וואָלטן געדאַרפֿט צו דעם טור דערלייגן ניט קיין הונדערטער, נאָר טויזנטער דאָלער.

## פֿאַראייניקונג מיט די אידישע אַרבעטער־קלובן

אונדזער לעצטע קאָנווענשאָן האָט אָנגענומען אַ רעזאָלוציע וועגן קלובן־טעטיקייט אין דעם אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטער אָרדן. די פֿראַגע איז ברייט דיסקוטירט געוואָרן פֿאַר דער קאָנווענשאָן, אין די בראַנטשעס און אין די שטאָט־קאָמיטעטן איבערן לאַנד. די רעזאָלוציע האָט אָנגעוויזן, אַז אויב מיר וועלן ניט אָרגאַניזירן קיין קלוב־לעבן אין דעם אָרדן, וועט ניט מעגלעך זיין דורכצופֿירן אונדזער קולטור־פּראָגראַם, וועט ניט מעגלעך זיין צו מאַכן דעם אינערלעכן קער אין די בראַנטשעס, וואָס איז אַזוי לעבנסנייטיק פֿאַר דעם אָרדן אַלס אַ גאַנצן און פֿאַר אַלע זיינע שפּראַך־סעקציעס.

גלייך נאָך דער קאָנווענשאָן האָט מען זייער ערנסט אָנגעפֿאַנגען דיס־קוטירן די פֿראַגע וועגן אָרגאַניזירן צענטערן („צענטערן" אָפּן לשון פֿון אָרדן האָט געמיינט קלובן). אין אַ ריי שטעט פֿון לאַנד, באַזונדערס אין ניו יאָרק און שיקאַגאָ, האָט די פֿראַגע אָנגעהויבן פֿאַרנעמען דאָס צענטראַלע פּלאַץ באַם דורכפֿירן די באַשלוסן פֿון דער קאָנווענשאָן. פֿאַר אונדז איז אויך געשטאַנען די פֿראַגע, וואָס זאָל זיין די באַציאונג פֿון די צענטערן פֿון דעם אָרדן צו די עקזיסטירנדע אידישע אַרבעטער־קלובן.

די פֿירערשאַפֿט פֿון די אידישע אַרבעטער־קלובן האָט דאַן געבראַכט די פּראָבלעם פֿאַר די קלובן־מיטגלידער, וועלכע זיינען אין דער גרויסער מאַיאָרי־טעט אויך געווען מיטגלידער פֿון דעם אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטער אָרדן, צי איז אפשר ניט ראַטזאַמער, טאַקע פֿאַר די אינטערעסן פֿון אויפֿבויען אַ ברייטע קלובן־באַוועגונג, אַז די עקזיסטירנדע קלובן זאָלן זיך אַריינגיסן אין די געגנט־בראַנטשעס פֿון דעם אָרדן און צוזאַמען מיט די געגנט־בראַנטשעס

בויען אַ ברייטע קלובן־באַוועגונג. זיי האָבן געפּילט, אַז אַנשטאָט האָבן דעם אָנשפּאַר אַף 3,000 מיטגלידער וועלן די קלובן פּאַראייניקטערהייט זיך קענען אָנשפּאַרן אַף נאָענט צו 30,000 מיטגלידער.

ווען דער ענין איז געבראַכט געוואָרן צו דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיווע פון דעם אָרדן האָבן מיר ניט געהאַט וואָס אויסצוזעצן קעגן דעם פּאָרשלאָג פון די קלובן־פירער. די פראַגע איז נאָכדעם ברייט דיסקוטירט געוואָרן צווישן דער קלובן־מיטגלידערשאַפט אין ניו יאָרק און שיקאַגאָ, און די קלובן־מיטגלידער האָבן כמעט איינשטימיק גוטגעהייסן אָט־די פאַראייניקונג. מיר מוזן דאָ אָבער פעסטשטעלן, אַז אין דער דורכפירונג פון דער פאַראייניקונג האָבן מיר זיך אָנגעשטויסן אָן אַ גרויסער צאָל שוועריקייטן און אַז די שוועריקייטן האָבן אַמווייניקסטן אין דעם ערשטן יאָר, יאָר און אַ האַלב נאָך דער פאַראייניקונג געגעבן אַ קלאַפּ דער קלובן־באַוועגונג אין דעם אָרדן גופא.

די ערשטע שוועריקייטן האָבן מיר באַגעגנט ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן אויסטייטשן די באַשלוסן פון דעם צוזאַמענפאָר. אייניקע וויכטיקע פירער פון דער אַלגעמיינער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיווע פון אָרדן און די דיסטריקט־סעקרעטאַרן אין די וויכטיקסטע צענטערן פון לאַנד האָבן געהאַלטן, אַז די צענטערן דאַרפן זיין פיל־שפּראַכיקע, אַז די הויפּט־אַרבעט פון די צענטערן דאַרף זיין אין דער ענגלישער שפּראַך, אַז דאָרטן וואו עס איז ניט מעגלעך צו האָבן אַזעלכע צענטערן דאַרפן מיר בכלל קיין צענטערן ניט האָבן. די פראַגע איז אויך געשטאַנען: אונטער וועמעס פירערשאַפט זאָלן זיך די צענטערן געפינען? יענע אויסטייטשער האָבן געזאָגט, אַז די צענטערן האָבן גאָרניט צו טאָן מיט די שפּראַך־סעקציעס. מען האָט אַפילו אויסגעטייטשט, אַז עס דאַרף ניט זיין קיין נאַציאָנאַלע פירערשאַפט אין די צענטערן, די דיסטריקטן אַף די ערטער זאָלן זיין פאַראַנטוואָרטלעך פאַר אָט־דער אַרבעט.

עס איז אויך געווען אַ פּאַרלאַנג איבערצובויען די סעקציעס פון די קלובן, די געזאַנג־סעקציעס, דראַם־סעקציעס און אַנדערע קולטור־סעקציעס אַף דער ענגלישער שפּראַך און דאָס וואָלט נאַטירלעך אָפּגעטויט די קולטור־אַרבעט אַף די באַזונדערע שפּראַכן. מיר האָבן געדאַרפט וועגן דעם אָנפירן אַ לאַנגן קאַמף. דער רעזולטאַט איז געווען, אַז אַ סך גוטע צייט, די בעסטע חדשים ווען די שטימונג פאַר בויען די צענטערן אין דער אידישער סעקציע איז געווען אַ גוטע, איז פאַרלוירן געגאַנגען. אָנשטאָט צו טראַכטן ווי אַזוי ענערגישער דורכצופירן די פאַראייניקונג, ווי אַזוי בעסער צו רעאָרגאַניזירן די עקזיסטירנדיקע קלובן און אָרגאַניזירן נייע, האָט מען געחקירהט, אַז די אַלטע קלובן טויגן ניט, אַז מען דאַרף האָבן „קאָמיוניטי צענטערס", אַזוי ווי „ווייז", א. אז. וו.

דערצו איז די פאַראייניקונג פאַרצויגן געוואָרן אין די זומער־חדשים, אין אַ מאָמענט, ווען די פינאַנציעלע לאַגע פון די קלובן איז שטענדיק אַ שלעכטע. אין די פריערדיקע יאָרן, פלעגט דער געטרייער אַקטיוו, וואָס האָט אַרומגערינגלט די קלובן, דורכטראָגן די שווערע צייט מיט זיינע אייגענע כחות. איצט, נאָך דער פאַראייניקונג, האָבן זיי געוואָלט מיט איין מאָל אַרויפוואַרפן די גאַנצע לאַסט אַף די טעריטאָריעלע ברענטשעס.

די טעריטאָריעלע ברענטשעס האָבן זיך דעריבער דערשראָקן. דערצו האָט מען געמאַכט אַ פאַלשן שריט דערמיט, וואָס מען האָט געזוכט די קלובן צו פאַראייניקן, ניט מיט איין באַשטימטן טעריטאָריעלן ברענטש, וועלכער געפינט זיך אין דער זעלבער טעריטאָריע, נאָר מיט אַ צענדליק ברענטשעס, ווייל מען האָט דערוואַרט, אַז 10 ברענטשעס וועלן קענען אויפטאָן מער, כדי אויפצובויען דעם קלוב. דער רעזולטאַט איז געווען, אַז קיינער פון די ברענטשעס האָט ניט געפילט קיין שום פאַראַנטוואָרטלעכקייט און די קלובן זיינען געבליבן אַף הפקר.

אָט די און נאָך אַ סך אַנדערע שוועריקייטן און טעותן האָבן זייער פיל געשטערט אויפצובויען אַ פאַרצווייגטע קלובן־באַוועגונג איבערן גאַנצן לאַנד. ביסלכעווייז איז אָבער קלאָר געוואָרן, אַז די מיינונג, אַז מיר מוזן בויען צענטערן אַף דעם זעלבן גרויסן מאַסשטאַב ווי די „וויַיז", אַז מען דאַרף אַריינציען אַלע שפּראַך־ברענטשעס אין איין געוויסן צענטער, איז געווען אַ פאַלשע. פון דער צווייטער זייט האָבן מיר אויך געלערנט, אַז קלובן קענען ניט לעבן אונטער דער פירערשאַפט פון אַ סאַך ברענטשעס. אַ מאַקסימום צוויי ברענטשעס, צוזאַמען מיט דער קינדער־שול, מיט דער יוגנט־דיוויזיע, מיטן קינדער־ברענטש, דאָס דאַרף זיין דער קאָמפּלעקס אָרגאַניזאַציעס, וואָס קענען גרינדן און אויפבויען אַ צענטער.

ניט קוקנדיק אַף דעם אַלעם און ניט קוקנדיק אַף דעם וואָס מיר האָבן געהאַט אַ באַזונדערס שווערן דורכבריים אין ניו יאָרק, עקזיסטירן היינט אין דער אידישער סעקציע 38 צענטערן. אָט די 38 צענטערן זיינען נאָך וויט ניט דאָס, צו וועלכן מיר האָבן געשטרעבט. אַ גרויסער טייל פון זיי איז ניט אָפן יעדן טאָג אין דער וואָך. אין אַ צאָל פון אָט־די צענטערן זיינען נאָך ניט אָרגאַניזירט געוואָרן קיין דראַמאַטישע גרופּן, געזאַנג־סעקציעס, ספּאָרט־סעקציעס א. אַז. וו. מיר מוזן נאָך צוגעבן, אַז דער נאַציאָנאַלער קלובן־אַפּאַראַט איז אָפּגעשוואַכט געוואָרן, אַ צאָל געוועזענע קלוב־טוער זיינען ביז גאָר לעצטנס געשטאַנען אָן אַ זייט, און מיר האָבן נאָך ניט באַוויזן צו אַנטוויקלען נייע. די קלוב־קאָמיסיעס אין די שטאָט־קאָמיטעטן זיינען נאָך ניט יענער כח, וואָס זיי דאַרפן און קענען זיין. אין אַ צאָל שטאָט־קאָמיטעטן עקזיסטירן זיי אינגאַנצן ניט. די נייע נאַציאָנאַלע עקזעקוטיווע וועט דאַרפן אויפלעבן דעם נאַציאָנאַלן אַפּאַראַט פאַר קלובן־טעטיקייט, אָרגאַניזירן שטאָטישע אַפּאַראַטן דאָרטן וואו זיי עקזיסטירן נאָך ניט, און פאַרשטאַרקן זיי דאָרטן וואו זיי זיינען שוין דאָ. מיר זיינען זיכער, אַז מיט דער איצטיקער קלאָרער פּאָליסי צו קלוב־טעטיקייט וועלן מיר זיין בכח אויפצובויען אַ ברייטע קלובן־באַוועגונג אין דער אידישער סעקציע.

## קאַדרען

איינע פון די וויכטיקסטע פראַגן וואָס שטייט פאַר דעם גאַנצן אָרדן, איז די פּראָבלעם פון קאַדרען. מיר האָבן אויפגעבויט אַ פּרעכטיקע אָרגאַניזאַציע, מיר האָבן אַקטיוויסטן, וואָס זיינען איבערגעגעבן מיט לייב און לעבן

צום אָרדן. אָבער אונדז פעלן פירער. מיר האָבן אַן אויסגעצייכנטע פּראָ־גראַם פון קולטור־טעטיקייט. נאָר זייער אָפט פירן מיר אונדזערע קולטור־אַקציעס ניט דורך, דערפאַר ווייל אונדז פעלן אָנפירנדיקע כחות, אין די שטאָט־קאָמיטעטן, אין די דיסטריקט־קאָמיטעטן. מיר האָבן ניט קיין רעזערוו געשולטע טוער, וואָס זאָלן קענען פאַרנעמען פּאָזיציעס פון סעקרעטאַרן, פאָר־זיצערס, קולטור־דירעקטאָרן אין די דיסטריקט און שטאָט־קאָמיטעטן. אונ־דזערע אידישע אַרבעטער־אוניווערזיטעטן האָבן אַרויסגעגעבן אַ צאָל טוער, זיי פאַרנעמען פירנדיקע פּלעצער אין די ברענטשעס, אָבער — ווייט ניט גענוג. דער גרעסטער מאַנגל איז באַ אונדז איצט אין אָנפירנדיקע כחות פאַר די שטאָט־קאָמיטעטן. עס זיינען פאַראַן אַ צאָל שטעט, אין וועלכע די פירער פון די שטאָט־קאָמיטעטן זיינען ניט בכח אויסצושמידן אַ קאָלעקטיווע פירער־שאַפט, אַ קאָלעקטיוון כח, וואָס זאָל קענען געבן אָנפירערשאַפט צו די ברענטשעס און צו דער גאַנצער שטאָט. מיר נויטיקן זיך אין אַ צו־גרייטונג־שול, וואָס זאָל פאַרוואַנדלען אַ צאָל פון אונדזערע טוער אין באמת פירנדיקע חברים, וואָס מיר דאַרפן אַזוי נויטיק האָבן אַף די ערטער. אונדזער בודזשעט האָט אונדז ביז איצט ניט דערלויבט צו אָרגאַניזירן אַזאַ שול. פונדעסטוועגן וועלן מיר דאָס איצט מוזן טאָן. ווי שווער עס זאָל ניט זיין, וועלן מיר דאַרפן אין די קומענדיקע צוויי יאָר אָרגאַניזירן אַ צוגרייטונג־שול מיט אַמווייניקסטנס 20 סטודענטן, וואָס זאָלן קענען פאַרנעמען אָנ־פירנדיקע פּאָזיציעס איבערן לאַנד.

## דער אָרדן און דער „איקוף"

לײדער דערלויבט אונדז ניט דאָס פּלאַץ אַריינצוגיין אין אַן אויס־פירלעכער אָפּשאַצונג פון דעם אַלוועלטלעכן אידישן קולטור־קאָנגרעס, אין וועלכן אונדזער אָרדן האָט זיך באַטייליקט. מיר ווילן זיך דאָ אין קורצן אָפּשטעלן אַף דער ראָלע, וואָס אונדזער אָרדן האָט געשפּילט אין פּאַריז און אַף די אויפגאַבן וואָס שטייען פאַר אונדז אין דעם איצטיקן מאָמענט אין פאַרבינדונג מיט דעם אַלוועלטלעכן אידישן קולטור־פאַרבאַנד.

די אַמעריקאַנער דעלעגאַציע האָט אַפן וועלט־קאָנגרעס געשפּילט זייער אַ וויכטיקע ראָלע. זי האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַלע צווייגן פון דער אידישער קולטור אין די פאַראייניקטע שטאַטן, און איז געקומען מיט אַ באַשטימטער פּראָגראַם פון אַקציע. זי האָט געהאָלפן דעם קאָנגרעס געפינען פאַר זיך זיין פּראַקטישן וועג, און אָננעמען באַשלוסן, וועלכע זאָלן זיין דורכפירבאַר. די אַמעריקאַנער דעלעגאַציע האָט אויך בייגעטראָגן צו דער פעסטער אייניקייט, וואָס האָט געהערשט אַפן קאָנגרעס.

לאָמיר אויך דערציילן, חברים, אַז ווען די דעלעגאַטן באַם קאָנגרעס האָבן געהאַט אויסגעהערט דעם באַריכט וועגן דער קולטור־טעטיקייט פון דעם אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטער אָרדן, און וועגן זיינע שולן, זיינען זיי געווען גוואַלדיק באַגייסטערט. זיי האָבן פאַר זיך דערזען אַן אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט פאַרצייכנט אַפן קולטורעלן געביט זייער אַ סך און זייער וויכטיקע

דערגרייכונגען. מיר האָבן געהאַט די מעגלעכקייט צו רעדן מיט אַ סך פאַר־שטייער פון פאַרשיידענע לענדער און איך ברענג אייך זייער מיינונג, אַז עס איז ניטאָ נאָך אַ אידישע אָרגאַניזאַציע אויף דער וועלט, וואָס האָט אין די לעצטע 8 יאָר געטאָן אַזויפיל אַרבעט אויפן קולטורעלן געביט ווי מיר. און לאָמיר אונטערשטרייכן, אַז מיר האָבן אין יענע צוויי באַריכטן זיך ניט געזוכט צו באַרימען, ניט געזוכט איבערצוטרייבן. איר וועט געפינען קאָפּיעס פון אָט־די באַריכטן צווישן אייערע מאַטעריאַלן און מיר בעטן אייך זיי אויפ־מערקזאַם איבערלייענען, ווייל זיי שטעלן מיט זיך פאָר גענויע און דעטאַלי־זירטע אָפּשאַצונגען. די קולטור־אַרבעט פון דעם אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטער אָרדן איז איצט באַקאַנט צו די וויכטיקסטע פאָרשטייער פון 23 לענדער. מיר באַקומען איצט צענדליקער בריוו פון די לענדער, אַז מיר זאָלן זיי שיקן אונדזערע לערן־ביכער, אונדזערע זשורנאַלן, א. אז. וו. עס איז פאַר אונדז, חברים, געוועזן אַ גרויסער כבוד צו הערן אָט די קאָמפּלימענטן און מיר מעגן מיט זיי באמת שטאָלצירן.

חברים, אויף אונדז ליגן זייער גרויסע פאַראַנטוואָרטלעכקייטן. די דעלע־גאַטן פון די 23 לענדער דערוואַרטן פון אונדז, אַז מיר זאָלן העלפן מיט אַלץ וואָס נאָר מעגלעך, דורכצופירן די באַשלוסן וואָס דער אַלוועלט־לעכער קולטור־קאָנגרעס האָט אָנגענומען. די באַשלוסן זיינען געווען:

1) די אָרגאַניזירונג פון אַן אַלוועלטלעכן קולטור־פאַרבאַנד מיט 3 אינטערנאַציאָנאַלע קאָאָרדינירונג־צענטערן. איינער אין פּאַריז, דער צווייטער אין די פּאַראייניקטע שטאַטן און דער דריטער אין פּוילן.

2) צו עטאַבלירן אַ פאָלקס־פאַרלאַג מיט 50,000 אַבאָנענטן, פאַר וועלכן די אַמעריקאַנישע לענדער זאָלן צושטעלן 30,000.

3) צו העלפן דערנענטערן די באַזונדערע שול־אָרגאַניזאַציעס, וואָס עקזיסטירן אין די פאַרשיידענע לענדער, און ברענגען צו אַ פאַראייניקונג פון דער וועלטלעכער קינדער־שול באַוועגונג אין אַזויפיל לענדער ווי עס וועט נאָר מעגלעך זיין. ביז אַזאַ פאַראייניקונג וועט קומען, צו קאָאָרדינירן די טעטיקייט פאַר שול־ביכער, קינדער־זשורנאַלן און אַנדערע געמיינשאַפטלעכע אַרבעטן.

4) אויפבויען אַ פאָלקס־טעאַטער אין אַלע לענדער און שטיצן די בעסטע אידישע טעאַטערן וואָס עקזיסטירן שוין.

5) אויפוועקן דעם באַוואוסטזיין פון די ברייטע אידישע מאַסן פאַר דער אידישער קולטור און פאַר דער אידישער שפּראַך, ברענגען דאָס אידישע בוך צו די אידישע פאָלקס־מאַסן, אויפהויבן די חשיבות פון דער אידישער קולטור בא די ברייטע אידישע מאַסן.

דער קולטור־פאַרבאַנד אין אַמעריקע איז שוין אָרגאַניזירט. ער האָט שוין דורכגעפירט אייניקע זייער וויכטיקע אַקציעס. די טעג דערעפנט זיך די קאַמפּאַניע פאַר דעם אַלוועלטלעכן פאָלקס־פאַרלאַג אין אַלע 23 לענדער. אונדזערע ברענטשעס און אונדזערע מיטגלידער מוזן שפּילן אַ וויכטיקע ראָלע אין העלפן אויפבויען דעם פאָלקס־פאַרלאַג. זיי דאַרפן שאַפן אַבאָנענטן ניט נאָר צווישן זייערע אייגענע מיטגלידער, נאָר צווישן די ברייטע אידישע

מאַסן. זיי דאַרפֿן העלפֿן אויפֿבויען אונדזער אַרבעטער־טעאַטער, דעם „אַר־טעף״, העלפֿן דורכפֿירן די קולטור־חדשים וואָס דער קולטור־פֿאַרבאַנד אין אַמעריקע וועט אָרגאַניזירן. אין קורצן, מיר דאַרפֿן ווערן אַ וויכטיקע באַזע דורכצופֿירן די באַשלוסן פֿון דעם אַלוועלטלעכן אידישן קולטור־קאָנגרעס, אָרגאַניזירן די קולטור־קאָמיטעטן איבערן לאַנד, אַנטוויקלען די אידישע קול־טור און ליטעראַטור אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן.

צו באַווייזן, אַז מיר נעמען ערנסט די אַרבעט פֿאַר דער אידישער קולטור, לאָמיר אויפֿהויבן די חשיבות פֿון דער אידישער קולטור און פֿון דער אידישער שפּראַך אין אונדזערע אייגענע רייען. לאָמיר היינט אַרויסלאָזן דעם לאָזונג, אַז אין אונדזערע בראַנטשעס, אין אונדזערע שטאָט־קאָמיטעטן, אין אונדזער גאַנצן אָרדן זאָלן מיר רעדן אַ שיינעם, אַ ריינעם אידישן לשון. זאָל די שפּראַך פֿון אונדזער טאָג־טעגלעכער אַרבעט אָפּשפּיגלען אונדזער אייגענע באַציאונג — ווי חשוב בא אונדז איז די אידישע שפּראַך און די אידישע קולטור.

# VI. אונדזערע קינדער־שולן

אונדזערע קינדער־שולן האָבן אין די לעצטע 3 יאָר דורכגעמאַכט זייער אַ וויכטיקן פּראָצעס — זיי האָבן זיך קאָנסאָלידירט און פּאַרפעסטיקט. מיר קומען ניט צו דעם איצטיקן צוזאַמענפֿאַר מיט קיין גרעסערער צאָל שולן, אָדער מיט אַ גרעסערער צאָל קינדער. ניין, מיר קומען אָבער מיט באַ־פֿעסטיקטע פּאָזיציעס סיי אינערלעך, סיי אויסערלעך. מיר זיינען נאָך אַלץ די גרעסטע אידישע שול־באַוועגונג אין לאַנד אין פּרט פֿון דער צאָל קינדער (כאָטש דער אַרבעטער־רינג האָט אַ גרעסערע צאָל שולן ווי מיר האָבן).

צו דעם לעצטן צוזאַמענפֿאַר האָבן מיר באַריכטעט וועגן 148 שולן. היינט פֿאַרמאָגן מיר 105 שולן, אָבער די 105 שולן זיינען פֿיל שטאַרקער און באַפֿעסטיקטער ווי עס זיינען געווען די 148 שולן. מיט דריי יאָר צוריק זיינען כמעט אַלע שולן געווען האַלבע שולן. אייניקע האָבן געהייסן קעמער־לעך, ד. ה., זיי האָבן געלערנט בלויז 2 און אַפֿילו איין טאָג אַ וואָך. היינט האָבן מיר אָבער אַ מאַיאָריטעט פֿון גאַנצע שולן. איין לערער לערנט אין אַ שול גאַנצע 5 אָדער 6 טעג. דאָס איז טאַקע געווען די הויפּט־סיבה פֿאַרוואָס מיר האָבן געמוזט צומאַכן אַזאַ גרויסע צאָל שולן. דער לערער־פּערסאָנאַל איז אין די 3 יאָר ליידער קנאַפּ פֿאַרגרעסערט געוואָרן.

און לאָמיר דאָ היינט באַשטעטיקן, אַז די פּאָליסי פֿון אויפֿבויען גאַנצע שולן איז געווען אַ נויטיקע און האָט מעגלעך געמאַכט, אַז אונדזער שול־באַוועגונג זאָל אַוועקגעשטעלט ווערן אויף אַ געזונטער באַזע.

וואָס זיינען געווען די הויפּט־פּראָבלעמען, וואָס זיינען געשטאַנען פֿאַר אונדזער קינדער־שול באַוועגונג אין די לעצטע דריי יאָר? אין אונדזער

באריכט צו דעם נאַציאָנאַלן שול־צוזאַמענפֿאָר, וואָס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן דעם 25טן דעצעמבער, 1936, האָבן מיר געזאָגט:

„מיר ווילן באַ דעם איצטיקן צוזאַמענפֿאָר דאַרפֿן זייער גענוי פֿעסטשטעלן, אַז אין דער אָנווענדונג פֿון אונדזער פּרינציפּן־דערקלערונג האָבן מיר געמאַכט פֿיל אָפּנויגן. אונדזער שול איז געוואָרן אַ קלאַסן־שול, די ערשטע קלאַסן־שול אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן. דאָס איז אמת. מיר האָבן געדאַרפֿט אויסמײַדן דעם וועג. מיר האָבן אָבער אָפּטמאָל פֿאַרגעסן, אַז מיר זײַנען אַ אידישע קלאַסן־שול. אָפּטרייסלענ־דיק זיך פֿון די נאַציאָנאַליסטישע ליבעראַלע אידייען זײַנען מיר צײַטנ־ווייז אַוועק אין אַן אַנדער ריכטונג, כמעט ביז נאַציאָנאַלן ניהיליזם. מען האָט געקענט פֿון דעם אַרויסדרינגען, אַז אונדז גייען ניט אָן די פּראָבלעמען פֿון דער קולטור פֿון די אידישע מאַסן, זייער געשיכטע, נאַציאָנאַלע שטרעבונגען און געפֿילן, וועלכע זײַנען ענג פֿאַרבונדן מיט דעם קלאַסנקאַמף. אַף אַזויפֿיל איז אונדזער שול ניט געווען קיין אמתע אידיש־אַמעריקאַנישע קלאַסן־שול. אונדזער שול פּלאַנצט איין אין קינד דאָס געפֿיל און באַוואוסטזיין פֿון אינטערנאַציאָנאַלער סאָלידאַרי־טעט. דאָס איז ריכטיק. אָבער דאָס איז ניט אין קעגנזאַץ צו די אויפֿ־גאַבן פֿון איינפּלאַנצן אין קינד יענעם נאַציאָנאַלן באַוואוסטזיין, וואָס זאָל אים צוגרייטן צום קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם, קעגן פֿאַשיזם, קעגן דער פֿאַשיסטישער טעאָריע פֿון העכערע און נידעריקע ראַסן, איינ־פּלאַנצן אין קינד אַ געזונטע באַציאונג צו די פּראָבלעמען פֿון די אידישע מאַסן און די אידישע קינדער."

אָט דאָס איז געווען די הויפּט־פּראָבלעם, וואָס האָט באַשעפֿטיקט אונדזער שול־באַוועגונג אין די לעצטע דריי יאָר. נאָך אַף אונדזער לערער־קאָנפֿערענץ, אין סעפּטעמבער 1935, האָבן מיר אויפֿגענומען די פֿראַגע וועגן פֿאַרוואָנדלען אונדזערע שולן אין אמתע לערן־אַנשטאַלטן, אין פֿולן זין פֿון וואָרט. ביז יענער קאָנפֿערענץ האָבן אַ סך פֿון אונדזערע שול־טוער און טיילווייז אַ צאָל פֿון אונדזערע לערער געקוקט אַף אונדזער שול מער ווי אַף אַ קינדער־קלוב איידער אַ שול. מען האָט אויך ניט געשענקט גענוג אויפֿמערקזאַמקייט צו דער שפּראַך. עס זײַנען נאָך אַלץ געבליבן אַ צאָל עלעמענטן, וואָס האָבן געהאַלטן אין איין פֿאַרענטפֿערן זיך פֿאַרוואָס מיר לערנען אידיש אין אונ־דזערע שולן. אָט די עלעמענטן האָבן געהאַט אַ באַדייטנדיקן איינפֿלוס אַף אַ צאָל לערער און טוער, וועלכע האָבן פֿון דעם געצויגן דעם „לאָגישן" שלוס, אַז וויכטיק איז בלויז די קלאַסן־דערציאונג, ווײַל די שפּראַך איז דאָך בלויז אַ מיטל. זיי האָבן ניט פֿאַרשטאַנען, אַז דאָס מיטל שפּילט זייער אַ וויכטיקע ראָלע, אַז אָן דער אַנטוויקלונג פֿון דעם מיטל איז ניט מעגלעך אָנצופֿירן מיט דער אַרבעט בכלל.

מיר האָבן געדאַרפֿט אונטערשטרייכן, אַז דערציען דאָס קינד אין קלאַסן־גייסט מיינט אויך לייגן געוויכט אַף דער שפּראַך אין וועלכער מיר לערנען

די קינדער, מיינט לערנען זיי די געשיכטע און די קאמפן פון די אידישע מאסן. מיר קענען זאגן, אז זינט יענער צייט האבן אונדזערע שולן געמאכט ריזיקן פארשריט אף דעם געביט.

ווען מיר גיבן א קוק אף דער שול־באוועגונג אונדזערער, היינט און מיט 3 יאר צוריק, ווען מיר זי ניט דערקענען. אזא איבערברוך איז פארגעקומען. דער איבערברוך האט אונדז געצוואונגען צו מאכן א רעוויזיע אין אלע אונדזערע לערן־ביכער. היינטיקן זומער וועלן מיר פארענדיקן דעם פראצעס.

## לערן־ביכער און קינדער־ליטעראטור

פאר די לעצטע דריי יאר האט די נאציאנאלע שול־קאמיסיע ארויסגעגעבן די פאלגנדע לערן־ביכער און לייען־ביכער:

„אידיש" (א גראמאטיק פארן 3טן און 4טן קלאס) פון א. בערגמאן און א. גאלדבערג.

„מיין אלעפבייס" (טעקסטבוך פארן 1טן קלאס) פון דבורה טאראנט.

„מיין בוך" (לייענבוך פארן צווייטן העלפט פון ערשטן יאר) פון דבורה טאראנט.

„קינדער" (לערנבוך פארן 2טן יאר, פולשטענדיק רעווידירט) צוזאמענגעשטעלט פון ב. פרידמאן און א. מייזל.

צווישן די ביכער, וואס מיר האבן שוין דערמאנט אין די אלגעמיינע אויסגאבן, אבער וואס זיינען ארויסגעגעבן געווארן אונטער דער איניציאטיווע פון דער נאציאנאלער שול־קאמיסיע און וואס זיינען אייגנטלעך קינדער־ליטעראטור, זיינען די פאלגנדע:

„די מאלי מעגווייערס" (א ביאגראפיע) פון א. מייזל.
„קינד און קייט" פון משה נאדיר.
„לאבזיק" (2טער טייל) פון כאווער פאוער.
דעם זומער וועלן ארויסגיין פאלגנדע ביכער:
א מעשה־ביכל פון קאדיע מאלאדאווסקי.
רעווידירטע טעקסטביכער פארן 3טן און 4טן קלאס.
א לייענבוך פאר דער מיטלשול.
א רעווידירטע אויסגאבע פון „אידיש".
מעשיות און לידער פון משה שיפרים.

## „פראלעטארישע דערציאונג"

צווישן די באדייטנדיקע דערגרייכונגען פון אונדזערע שולן דארף מען צורעכענען דעם אפיציעלן ארגאן פון די אידישע קינדער־שולן פון אינטערנאציאנאלן ארבעטער ארדן, „פראלעטארישע דערציאונג". דער זשורנאל האט אנגעהויבן דערשיינען בלויז א פאר חדשים פאר אונדזער לעצטן צוזאמענפאר און האט אין די דריי יאר צייט באוויזן זיך איינצובירגערן אין דעם לעבן פון אונדזער שול־ארגאניזאציע. „פראלעטארישע דערציאונג" האט געשפילט

זייער א ווichטיקע ראָלע אין העלפֿן באַפֿעסטיקן די שול־אָרגאַניזאַציע, אין אויפֿנעמען און באַלייכטן די דערציִערישע פּראָבלעמען, אין דער היים און שול, און אין קאָמענטירן איבער די וויכטיקסטע געשעענישן אַפֿן דערציִערישן פֿראָנט.

ניט נאָר אין אַמעריקע, נאָר אין אַלע לענדער, וואו עס עקזיסטירן אידישע קיבוצים און אידישע שולן, האָט דער זשורנאַל זיך דערוואָרבן אַן אָנגעזעענעם נאָמען. באַם לעצטן קולטור־קאָנגרעס אין פּאַריז האָבן מיר אָנגעקניפּט באַציאונגען מיט אַ גרויסער צאָל שול־טוער איבער דער וועלט און אַלע האָבן אונדז דערציילט, אַז זיי וואַרטן מיט אומגעדולד אויף יעדן נומער „פּראָלע־טאַרישע דערציִאונג".

עס וועט אויך זיין אַ פֿרייד פֿאַר די דעלעגאַטן צו הערן, אַז דער זשורנאַל האָט זיך אין די דריי יאָר פֿינאַנציעל באַפֿעסטיקט, אַזוי אַז ער באַצאָלט זיך שוין כמעט פֿולשטענדיק. לעצטן יאָר האָבן מיר בלויז דערלייגט די סומע פֿון $200. מיר זיינען זיכער, אַז אין 1938 וועט ער נאָך מער באַפֿעסטיקט ווערן, אַזוי אַז מיר זאָלן קענען אַריינטראָגן אין אים אַ גאַנצע ריי ענדערונגען.

## „יונגוואַרג"

„יונגוואַרג", דאָס אינגסטע קינד פֿון אונדזערע שולן, איז אַפֿילו קיין גאַנץ יאָר נאָך ניט אַלט. אָבער דאָך האָט ער שוין באַוויזן אַריינצוברענגען פֿיל יום־טוב, פֿרייד און שיינקייט אין אונדזערע שולן. „יונגוואַרג" האָט געוואונען די ליבע און באַגייסטערונג פֿון די קינדער זינט דעם ערשטן טאָג וואָס ער האָט דערזען די ליכטיקע וועלט. אַזאַ זשורנאַל ווי „יונגוואַרג" איז נאָך ניט געווען אין דער אידישער וועלטלעכער שול־באַוועגונג אין קיין לאַנד. מען קען אים גאָרניט פֿאַרגלייכן צו די קינדער־זשורנאַלן, וואָס זיינען אַרויסגעגאַנגען פֿאַר אים. זאָלן אונדזערע מיטגלידער קריגן דעם זשורנאַל אין זייער היים, פֿאַר זייערע קינדער, און קריגן אַ געלעגנהייט אים ווי געהעריק אָפּצושאַצן.

## אייניקייט אין דער שול־באַוועגונג

די נאַציאָנאַלע שול־קאָמיסיע האָט אייניקע מאָל אין פֿאַרלויף פֿון די לעצטע דריי יאָר געמאַכט פֿאַרזוכן צו שטעלן זיך אין פֿאַרבינדונג מיט די שולן פֿונעם אַרבעטער־רינג, נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פֿאַרבאַנד און שלום עליכם שולן, כדי צו דיסקוטירן די פֿראַגע פֿון פֿאַראייניקן די וועלטלעכע שול־באַוועגונג אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן. מיר האָבן פֿאָרגעשלאָגן, אַז אַלס אַן אָנפֿאַנג זאָלן איינגעשטעלט ווערן ענגערע און בעסערע באַציאונגען, אַז מען זאָל דורכפֿירן געמיינשאַפֿטלעכע אַקציעס, אַרויסגעבן אַ פֿאַראייניקטן שול־זשורנאַל פֿאַר קינדער, אַרויסגעבן צוזאַמען לערן־ביכער, אָנפֿירן אַ קאַמ־פּאַניע צו קריגן סובסידיעס פֿון דער רעגירונג און פֿון די פֿאַרשיידענע „קאָמיוניטי טשעסטס" פֿאַר אַלע טיפּן שולן.

איר ווייסט דעם ענטפֿער, חברים דעלעגאַטן. דאָס איז דער זעלבער

ענטפער ווי צו אונדזערע רופן צו די פראַטערנאַלע אָרגאַניזאַציעס. די נאַציאָנאַלע שול־קאָמיסיע וועט אָבער ווייטער פאָרזעצן די אַלגעמיינע פּאָליסי פונעם אָרדן, כדי צו דערנעענטערן די פאַרשיידענע טיפּן וועלטלעכע שולן און דערנעענטערן דעם טאָג פון אייניקייט.

## ענדערונגען אינעם נאַציאָנאַלן אַפּאַראַט

די שול־טעטיקייט איז אין די לעצטע דריי יאָר אַזוי אויסגעוואַקסן, אַז עס איז אומבאַדינגט נויטיק געוואָרן צו האָבן אַ באַזונדערן נאַציאָנאַלן סעקרעטאַר פאַר די שולן. נאָך צום לעצטן שול־צוזאַמענפאָר, וואָס איז פאָרגעקומען אין דעצעמבער, 1936, האָבן מיר אין אונדזער באַריכט אָנגעוויזן ווי נויטיק דער שריט איז.

דער צוזאַמענפאָר האָט אָנגענומען די רעקאָמענדאַציע אין פּרינציפּ און איבערגעגעבן צו דער נאַציאָנאַלער שול־קאָמיסיע די פולמאַכט דורכצופירן די רעפאָרמע אַזוי שנעל ווי זי וועט געפינען פאַר נויטיק. מיר ווילן איצט אָפיציעל אַנאָנסירן פאַר אונדזער צוזאַמענפאָר, אַז לעצטן אָקטאָבער האָט די נאַציאָנאַלע שול־קאָמיסיע דערוויילט חבר איטשע גאָלדבערג אַלס נאַציאָנאַלן סעקרעטאַר. שוין מיט אַ צייט פריער איז חבר גאָלדבערג געווען אָנגעשטעלט אין דעם נאַציאָנאַלן שול־אַפּאַראַט אַלס דער סעקרעטאַר פון דער פּעדאַגאָגישער קאָמיסיע און אויספיר־רעדאַקטאָר פון „פּראָלעטאַרישע דערציאונג”. מיר זיינען זיכער, אַז אַלע חברים קענען חבר גאָלדבערגן און וויסן, אַז די נאַציאָנאַלע שול־קאָמיסיע האָט געפונען אין חבר גאָלדבערגן דעם פּאַסיקסטן חבר, וועלכער ברענגט צו זיין אַמט לאַנגיאָריקע דערפאַרונג, גרויס פיייקייט און אַ סך איבערגעגעבנקייט.

## שול־פאַראיינען

אונדזערע שול־פאַראיינען זיינען אָן צווייפל אויסגעוואַקסן אין די לעצטע דריי יאָר. אָבער פונדעסטוועגן קענען מיר נאָך אַלץ ניט זאָגן, אַז דער שול־פאַראיין איז געוואָרן יענע מאַסן־אָרגאַניזאַציע, וואָס מיר האָבן געוואָלט, זינט מיר האָבן אים אָנגעהויבן בויען. ער איז נאָך ניט געוואָרן יענע מאַסן־אָרגאַניזאַציע, וואָס זאָל אויסאיבן אַ גרויסן איינפלוס אין דערציאונג־פּראָבלעמען, אויסער די ענגע ראַמען פון דער שול־אָרגאַניזאַציע. דער שול־פאַראיין איז נאָך ניט געוואָרן אָנערקענט אַפילו פון אַ גרויסער צאָל אָרגאַניזאַציעס, וואָס שטייען אַרום דער לינקער און פּראָגרעסיווער באַוועגונג. ער פאַרנעמט נאָך ניט יענעם פּלאַץ אין דעם קולטורעלן און געזעלשאַפטלעכן לעבן פון די עלטערן, וואָס מיר האָבן פאַר אים באַשטימט.

דערמיט ווילן מיר ניט זאָגן, אַז דער שול־פאַראיין איז היינט שוואַכער ווי ער איז געווען מיט דריי יאָר צוריק. ניין, דאָס איז ניט אמת. די שול־פאַראיינען זיינען ניט אין אַן ערך שטאַרקער ווי זיי זיינען געווען ווען עס איז פריער. זיי זיינען מער סטאַביליזירט, אַ סך ברייטער פון דער אַמאָליקער שול־פאַרוואַלטונג. אַנדערע שול־פאַראיינען קענען זיך פאַרגלייכן צו גרויסע ברענטשעס און שפּילן אָפטמאָל אַ גרעסערע ראָל אין זייער געגנט ווי דער

ברענטש. אין אונדזערע שול־פאראיינען וואלט ניט מעגלעך געווען אויפ־צובויען די „פּראָלעטאַרישע דערציאונג" און „יונגוואַרג". עס וואָלט ניט מעגלעך געווען צו מאַכן די באַדייטנדיקע שריט פאָרויס, וואָס אונדזערע שולן האָבן געמאַכט אין די לעצטע יאָרן. אָבער אין גרויסן און אין גאַנצן גענומען טאָרן מיר זיך ניט צופרידנשטעלן מיט דעם וואוקס און מיט די דערגרייכונגען פון די שול־פאראיינען.

## דער וואוקס פון די שולן אין פאַרגלייך מיטן אָרדן

מיר ווילן איצט אַוועקשטעלן פאַר אונדזער צוזאַמענפאָר די צענטראַלע פראַגע: פאַרוואָס זיינען די שולן ניט געוואַקסן אין דער זעלבער פּראָפּאָרציע ווי עס איז געוואַקסן דער אָרדן? פאַרוואָס איז די אידישע סעקציע אויס־געוואַקסן פון 5,000 מיטגלידער צו 38,000 מיטגלידער, בשעת די צאָל קינדער אין די שולן איז אויסגעוואַקסן פון 3 און אַ האַלב טויזנט ביז 7 טויזנט? אָט־די פראַגע דאַרף פאַר זיך שטעלן יעדער איינציקער דעלעגאַט. נאָך מער, מיר האָבן אַ צאָל שטעט, אין וועלכע דער אָרדן איז באַדייטנדיק אויסגעוואַקסן, בשעת די שולן אין די שטעט זיינען דווקא געגאַנגען אַף צוריק. עס איז גענוג צו דערמאָנען אַזעלכע שטעט ווי שיקאַגאָ, לאָס אַנדזשע־לעס, דעטרויט און באָסטאָן. איז עס מעגלעך, אַז אונדזערע מיטגלידער האָבן שוין ניט קיין קינדער אין שול־עלטער? אַזעלכע פראַגן האָט מען געשטעלט באַ די לעצטע טעריטאָריעלע קאָנפערענצן. דאָס איז אָבער ניט ריכטיק. די סטאַטיסטיק אינעם אָרדן באַווייזט, אַז כאָטש דער אָרדן איז געוואַקסן אין צאָל, איז ער אָבער אין דער זעלבער צייט געוואָרן אינגער, ניט עלטער. אין 1930 איז דער דורכשניטלעכער עלטער פון די מיטגלידער געווען איבער 37 יאָר, היינט איז דער דורכשניטלעכער עלטער ווייניקער פון 37 יאָר. דעם ענטפער דאַרף מען זוכן ערגעץ אַנדערש.

מיר האָבן אין די לעצטע דריי יאָר אַליין אַריינגענומען טויזנטער נייע מיטגלידער. וואָס האָבן מיר געטאָן כדי צו דערגרייכן זייערע קינדער פאַר אונדזערע שולן? לאָמיר זיך מודה זיין, חברים, אַז מיר האָבן געטאָן זייער ווייניק אַף דעם געביט.

עס איז אמת, אַז מיר האָבן פון צייט צו צייט אַרויסגעשיקט אַ בריוו וועגן די שולן. אָבער מיט דעם האָבן מיר זיך באַנוגנט. דאָס, האָבן מיר געטראַכט, וועט שוין אַריינציען די קינדער פון די אָרדן־מיטגלידער אין די שולן. אָבער זיכער וועלן אַלע מסכים זיין, אַז דאָס האָט ניט געקענט לייזן די פראַגע.

דער ערשטער און וויכטיקסטער פאַקט, וואָס איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דעם וואָס די שולן האָבן ניט געמאַכט קיין גרעסערן פאָרשריט, איז דאָס, וואָס וועלנדיק בויען אַ זעלבסטשטענדיקע אָרגאַניזאַציע, זיינען אָבער די שולן צופיל דערווייטערט געוואָרן פונעם אָרדן־אַקטיוו. עס טרעפט זייער אָפט, אַז די שטאָט־קאָמיטעטן פונעם אָרדן מיט די שטאָט־קאָמיטעטן פון די שולן קערן זיך גאָרניט אָן. אין דעם זיינען די שול־טוער פונקט אַזוי שולדיק ווי

די אָרדן־טוער. פאַרוואָס האָבן מיר באַוויזן נאַציאָנאַל די אַפּאַראַטן אַזוי ענג צו פאַרבינדן? מעג קען ניט זאָגן, אַז די נאַציאָנאַלע עקזעקוטיווע ווייסט ניט וואָס עס טוט זיך אין די שולן, אָדער אַז די נאַציאָנאַלע שול־קאָמיסיע ווייסט ניט וואָס עס טוט זיך אינעם אָרדן. מען קען דאָס אָבער זאָגן וועגן אַ סך שטאָט־קאָמיטעטן סיי פון די שולן און סיי פונעם אָרדן.

די צווייטע גרויסע שוואַכקייט איז דער פאַקט, וואָס די שול־טוער און דער שול־פאַראיין באַטראַכטן ניט דעם אָרדן אַלס דעם גרעסטן און וויכ־טיקסטן קוואַל פון וואַנען צו שעפּן קינדער. די טוער וועלן גיין סתם קענ־ווּעסן, אָנשטאָט צו נעמען דעם צעטל פון די אָרדן־מיטגלידער, באַזוכן זיי און רעדן צו זיי ווי אַ חבר צו אַ חבר. נאָך מער, אין די לעצטע יאָרן האָבן אונדזערע שול־טוער ווייט ניט גענוג געקענוועסט, ניט נאָר צווישן דרויסנ־דיקע, נאָר אַפילו צווישן אָרדן־מיטגלידער. זיי האָבן, ווייזט אויס, פאַרגעסן, אַז זיי דאַרפן ניט אָפּקלאַפּן די טירן פון די אָרדן־מיטגלידער, דאָרטן קענען זיי אַריינקומען ווי צו חברים, צו אייגענע.

דריטנס, לאָמיר זייער קלאָר פאַרשטיין, אַז אַפילו ווען די שולן וואָלטן ניט געווען קיין אָרדן־שולן, וואָלטן ניט געטראָגן אונדזער נאָמען, נאָר וואָלטן גלאַט געווען אַרבעטער־שולן, וואָלטן מיר באַדאַרפט זאָגן צו זיך: די אויפגאַבע פון דערציען אונדזערע קינדער אינעם קלאַסן־גייסט איז ניט בלויז די אויפגאַבע פון די שול־טוער און פון דער שול־אָרגאַניזאַציע. דאָס איז אויך אונדזער אויפגאַבע. געבענטשט זאָלן זיין די הענט פון די שול־טוער, וואָס גיבן זיך אָפּ מיט אַזאַ וויכטיקער אַרבעט, אָבער מיר דאַרפן זיי העלפן אין אָט־דער וויכטיקער אַרבעט. הײַנט בפרט נאָך, אַז די שולן טראָגן אונדזער נאָמען, דערציען די קינדער אינעם גייסט פון אָרדן, גיבן אונדז צו אַ סך פּרעסטיזש און אָנזען צווישן די אידישע מאַסן! די דער־ציאונג־אַרבעט פון אונדזערע שולן איז אַן אינטעגראַלער טייל פון אונדזער גאַנצער קולטור־אַרבעט. עס איז ניט מעגלעך קיין אמת־ברייטע קולטור־אַרבעט אינעם אמתן זין פון וואָרט, אָן דעם וויכטיקסטן צווייג — די דער־ציאונג פון אונזערע קינדער. אודאי איז גוט וואָס מיר בויען אַ זעלבסט־שטענדיקע אָרגאַניזאַציע אַרום די שולן, די שול־פאַראיינען, אָבער מיר טאָרן ניט אַרויפוואַרפן אַף זיי די גאַנצע פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דער שול־אַרבעט.

עס איז צייט, אַז אונדזער קאָנווענשאָן זאָל זאָגן צו אונדזער אַקטיוו אין יעדער שטאָט, צו אונדזערע אָנפירנדיקע חברים אין די שטאָט־קאָמיטעטן: מיר וועלן ניט פאַררעכענען דעם דערפאָלג פון אייער אַרבעט פאַר פול־שטענדיק, אויב איר וועט ניט גלייכצייטיק אויפבויען אייער שול־באַוועגונג. מיר דאַרפן זאָגן צו די שיקאַגער אַקטיוויסטן, צו די אַקטיוויסטן אין לאָס אַנדזשעלעס: איר האָט געהאַט גרויסע דערפאָלגן אין בויען דעם אָרדן אין אייער שטאָט; איר מוזט איצט בויען שטאַרקע קינדער־שולן, געזונטע שול־פאַראיינען.

אונדזערע זשורנאַלן, די „פּראָלעטאַרישע דערציאונג" און „יונגוואַרג", מוזן אַריינגעבראַכט ווערן אין די היימען פון די טויזנטער אָרדן־מיטגלידער.

באקענענדיק זיי מיט אונדזער שול־באוועגונג וועלן מיר גלייכצייטיק העלפן די קולטור־אַרבעט פונעם אָרדן.

און צו די איבערגעגעבענע שול־טוער ווילן מיר נאָכאַמאָל זאָגן: שטעלט ניט אוועק די שול־פּראָבלעמען אויף אַ גראַשנדיקן אופן אינעם אָרדן. שטעלט זיי אוועק אויף אַ וויכטיקן אָרגאַניזאַציאָנעלן באָדן: אויף וויפיל קען די שול־אַרבעט אַריינגעטראָגן ווערן אין ברענטש, אויף וויפיל קען די אַרבעט פאַרבונדן ווערן מיט דער אַרבעט פון אָרדן.

## VII. ווי האָט געאַרבעט אונדזער אָרגאַניזאַציאָנעלער אַפּאַראַט?

גלייך נאָך אונדזער לעצטער קאָנווענשאָן, באַם ערשטן מיטינג פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיווע, איז באַשלאָסן געוואָרן אָנצושטעלן חבר גדליה סאַנדלער, אַלס געהילף־סעקרעטאַר פון דער אידישער סעקציע. די אַרבעט פון חבר סאַנדלערן איז באַוואוסט צו די חברים איבערן גאַנצן לאַנד. באַריכטנדיק צו דער היינטיקער קאָנווענשאָן קענען מיר זאָגן צו די דעלעגאַטן: די נאַציאָנאַלע עקזעקוטיווע האָט ניט געמאַכט קיין טעות. חבר סאַנדלער האָט געאַרבעט מיט דער פולסטער איבערגעגעבנקייט. ער האָט די גאַנצע ליבע פאַר אונדזער באַוועגונג אַריינגעגעבן אין זיין אַרבעט צו בויען דעם אָרדן. מיר האָבן אין אים אַן איבערגעגעבענעם חבר און בויער.

אָנפאַנג 1937, ווען מיר זיינען צוגעטראָטן דורכצופירן די פּלענער פאַר אונדזער קאָאָפּעראַטיוון פאַרלאַג, האָט די נאַציאָנאַלע עקזעקוטיווע איינגעזען, אַז עס איז נויטיק צו האָבן אַ ספּעציעלן חבר, וועלכער זאָל זיך אָפּגעבן מיט בויען דעם קאָאָפּעראַטיוון פאַרלאַג און פאַר אים זיין פאַראַנטוואָרטלעך, און וועלכער זאָל אויך קענען פון צייט צו צייט אַרויספאָרן איבערן לאַנד, זיין דער נאַציאָנאַלער אָרגאַניזאַטאָר. מיר האָבן אָנגעשטעלט חבר גראָספעלדן פאַר אָט־דער אַרבעט. חבר גראָספעלד האָט געמאַכט איינינקע קורצע דערפאָלג־רייכע טורס, אָבער ליידער האָט זיך געשאַפן אַ ספּעציעלע לאַגע אין שיקאַגאָ, און מיר האָבן געמוזט באַשטימען, אַז חבר גראָספעלד זאָל דאָרט בלייבן ביז אונדזער איצטיקן צוזאַמענפאָר. עס איז דער באַשלוס פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיווע, אַז גלייך נאָך דער איצטיקער קאָנווענשאָן זאָל חבר גראָספעלד צוריק פאַרנעמען זיין פּלאַץ אין נאַציאָנאַלן אָפיס. די איינצלהייטן וועגן זיין אַרבעט וועט באַשטימען די אַריינקומענדיקע נאַציאָנאַלע עקזעקוטיווע. איך פאַרשפּאָר אייך צו זאָגן, חברים דעלעגאַטן, אַז אין חבר גראָספעלדן האָבן מיר אַ טוער אויף אַ נאַציאָנאַלן מאַסשטאַב — זיין אַרבעט אין שיקאַגאָ האָט דאָס באַשטעטיקט. און מיר זיינען זיכער, אַז חבר גראָספעלד וועט מיט זיין וויטערדיקער אַרבעט דאָס פולשטענדיק באַשטעטיקן.

לעצטן יאָר האָט די נאַציאָנאַלע עקזעקוטיווע איינגעזען, אַז עס איז נויטיק אוועקצושטעלן אין די וויכטיקסטע שטעט חברים, וועלכע זאָלן אָפּגעבן זייער גאַנצע צייט פאַר בויען דעם אָרדן. מיט אַן ערך אַ יאָר צוריק האָבן

מיר מיט דער גוטהייסונג פון די חברים אין די שטעט אָנגעשטעלט דעם חבר דזשענאָספסקי אין פילאַדעלפיע, מיט חדשים שפּעטער חבר אַלעפּן אין באָסטאָן און אין די גאָר לעצטע חדשים חבר מאַימאָדעסן אין לאָס אַנדזשעלעס און דעם חבר גאָלדפאַרב פריער אין באָסטאָן אױפן פּלאַץ פון חבר אַלעפּן, וועלכער האָט ניט געקענט בלייבן, און נאָכדעם אין דעטרויט, און ווען חבר גאָלדפאַרב איז אוועקגעפאָרן קיין דעטרויט — חבר פּלאָטקינען אין באָסטאָן.

מיר ווילן דאָ באַשטעטיקן, אַז דער באַשלוס פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיווע איז געווען אַ ריכטיקער. די וויכטיקסטע שטעט נויטיקן זיך זייער שטאַרק אין חברים, וועלכע זאָלן זיך אָפּגעבן מיט דער קולטורעלער און אָרגאַניזאַציאָנעלער אַרבעט. אָט־די אַלע חברים, וואָס מיר האָבן געשיקט פאַר דער ספּעציעלער אַרבעט, האָבן געטאָן זייער אַרבעט מיט דער פולער איבערגעבנקייט צום אָרדן און מיט דער פולער אחריות פאַר די אויפגאַבן, וואָס זיינען פאַר זיי געשטאַנען. אױפן גרונט פון אונדזער קורצער דערפאַרונג וועט די נאַציאָנאַלע עקזעקוטיווע דאַרפן מאַכן אייניקע ענדערונגען. דאָס וועט וואַרשיינלעך געטאָן ווערן בײַ דער ערשטער זיצונג פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיווע. מיר טאָרן ניט פאַרלירן קיין צייט, מיר מוזן באַפעסטיקן אָט־די שטעט איבערן לאַנד גלייך איצט.

די לעצטע נאַציאָנאַלע עקזעקוטיווע פון דער אידישער סעקציע האָט פונקציאָנירט פולע דריי יאָר — זינט אונדזער לעצטן צוזאַמענפאָר. בלויז איין חברטע איז אַרויסגעפאַלן, חברטע ווערבין, און איר פּלאַץ האָט פאַרנומען דער ערשטער אַלטערנייט, חבר סאַנדלער. ווי דער נאַציאָנאַלער סעקרעטאַר, ברענגענדיק אייך היינט דעם באַריכט, מוז איך אייך זאָגן, אַז די נאַציאָנאַלע עקזעקוטיווע האָט געאַרבעט אין פולשטענדיקער האַרמאָניע, אַז זי האָט פונקציאָנירט אויסגעצייכנט. זייער זעלטן, אַז עס פעלגן פעלן חברים צו די זיצונגען. דער גרעסטער טייל האָט אוועקגעגעבן שבתים און זונטיקס און זייער אַ סך אָוונטן אינמיטן דער וואָך צו פאָרן אין די שטעט אַרום ניו יאָרק, אָדער אין ניו יאָרק גופא, און אויפנעמען די קאַמפּאַניעס, פאַרטרעטנדיק די נאַציאָנאַלע עקזעקוטיווע בײַ ברענטשעס און שטאָט־קאָמיטעטן. די נאַציאָנאַלע עקזעקוטיווע האָט זייער ערנסט אויפגענומען די פּראָבלעמען פון אונדזער אָרדן, האָט צוגעגרייט די פּלענער פאַר די מיטגלידער־קאַמפּאַניעס, פאַר אונדזער קולטור־אַרבעט. די גאַנצע נאַציאָנאַלע עקזעקוטיווע האָט געטריי געדינט אונדזער אָרדן און איז געווען וואַכזאַם צו די פּראָבלעמען, וואָס זיינען געשטאַנען פאַר דער אידישער סעקציע.

אויך דער קולטור־ראַט, אין וועלכן עס זיינען אַריינגעגאַנגען אַ צאָל מיטגלידער פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיווע און אַ צאָל ניט־מיטגלידער, האָט מיט איבערגעגעבנקייט דערפילט די אויפגאַבן, וואָס זיינען אױף אים אַרויפגעלייגט געוואָרן. ניט קוקנדיק אױף דעם, וואָס דער קולטור־ראַט איז געווען ניי אין אָרדן, האָט ער מיט זיין אַרבעט באַרעכטיקט זיין עקזיסטענץ. די אַריינקומענדיקע נאַציאָנאַלע עקזעקוטיווע וועט דאַרפן באַלד בײַ דער ערשטער זיצונג אָרגאַניזירן דעם נייעם קולטור־ראַט. דערלויבט מיר אויס־דריקן אין נאָמען פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיווע אונדזער הבר־ישע אָנער־

קענונג די חברים מיטגלידער פון קולטור־ראַט, וועלכע האָבן ערנסט, ערלעך און מיט איבערגעגעבנקייט געדינט אונדזער אָרדן.

# שלום

חברים דעלעגאַטן: אין אייערע הענט איז איבערגעגעבן געוואָרן דער באַריכט פון דריי יאָר אַרבעט פון דער אידישער סעקציע, וואָס שליסט איין ניט נאָר די אַרבעט פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיווע, פון אירע אָנגע־שטעלטע, פון דעם קולטור־ראַט, נאָר שליסט אויך איין די אַרבעט פון די שטאַטישע קאָמיטעטן איבערן לאַנד, די טעטיקייט פון אונדזער אָרדן אַלס אַ גאַנצן. מיר האָבן ניט פּרובירט העלער צו מאָלן אונדזערע דערגרייכונגען ווי זיי זיינען, מיר האָבן ניט געזוכט צו פאַרקלענערן אונדזערע דורכרייסן.

ווען איר קוקט אַף דעם פּרעכטיקן בנין וואָס מיר בויען, אַף די אויפ־געבויטע טיילן מיט 5 יאָר צוריק, אַף די נייע צוגעבויטע פּרעכטיקע שטאָקן אין די לעצטע דריי יאָר, לייכטן אַרויס אַלע אונדזערע דערגרייכונגען. ווען איר פאַרגלייכט עס אָבער מיט דער לאַגע פון די אידישע מאַסן איבער דער וועלט, אין די פאַראייניקטע שטאַטן, מיט דער אָפּגעשטאַנענקייט אַפן קול־טורעלן געביט, דעמאָלט ווערט אַ סך פאַרטונקלט אין דעם העלן ליכט.

ווען איר טראַכט וועגן דער ראָלע פון דער אידישער סעקציע פון אָרדן אין דעם לעבן פון די אידישע מאַסן אין אַמעריקע, מוזט איר אַ טראַכט טאָן — ווי וואָלט דאָס מעגלעך געווען אָן אונדז? איר פרעגט זיך מיט רעכט די פראַגע: ווער האָט פאַר זיך געשטעלט אינעם איצטיקן מאָמענט אָט־די ריזיקע אויפגאַבן פון אויסברייטערן און באַרייכערן דאָס קולטורעלע לעבן פון די אידישע מאַסן? ווער האָט זיך געשטעלט אַזעלכע גרויסע אויפ־גאַבן צו העלפן אויפבויען און אויסברייטערן די אידישע ליטעראַטור, אַריינ־ברענגען נייע ווערטן אין אונדזער קולטור־לעבן? מיר דאַרפן זיך אַלע פילן שטאָלץ, וואָס אין 1938, אין די שווערע יאָרן, האָט זיך געפונען אַן אָרגאַני־זאַציע, וואָס האָט פאַרבונדן דעם באַרוף פון פראַטערנאַליזם, וואָס דאָס מיינט פריינטשאַפט, חברשאַפט, מיטן קאַמף פאַר אַ בעסערן און שענערן לעבן, וועלכע האָט פאַרבונדן אַזעלכע פּשוטע זאַכן ווי בענעפיטן מיט די הויכע אידעאַלן פונעם אַרבעטער־קלאַס. מיר זיינען זיכער, אַז די איצטיקע קאָנווענשאָן, נאָך מער ווי די פריערדיקע, וועט נאָך העללעכער שיינען אין דער געשיכטע פון אונדזער אָרדן, וועט נאָך העלער שיינען אין דער געשיכטע פונעם אַרבעטער־קלאַס, וועט העלער שיינען אין דער געשיכטע פון די אידישע מאַסן אין די פאַראייניקטע שטאַטן. אונדזער היינטיקע קאָנווענשאָן וועט זיין אַ פרוכטבאַרע, אַ קאָנווענשאָן וואָס וועט אונדז ברענגען נאָך צו גרעסערע דערפאָלגן, אַ קאָנווענשאָן וואָס וועט נאָך מער באַפעסטיקן אונדזער אָרדן אַלס אַ וויכטיקן טייל פונעם אַרבעטער־קלאַס אין אַמעריקע, אַלס אַן אָרגאַני־זאַציע וואָס וועט בייטראָגן איר חלק צו דער ענדגילטיקער באַפרייאונג פון אַרבעטער־קלאַס, פון דער גאַנצער מענטשהייט.

